„עס איז אונדז גרינגער צו שטאַרבן מיטן באַוווסטזיין, אַז ס'וועט אויפשטיין אַ נייע וועלט, און מיט דער אמונה, אז"י וועט זיין דאָס פאטערלאַנד פון יידישן פאָלק“.

צביה־יצחק.

וואַרשע, דעם 15־טן נאָוועמבער 1943.

# יזכור

די, וועלכע זענען געפאלן אין די קאמפן פון די געטאָס און פּאַרטיזאנקעס!

## יזכור

אונזערע שוועסטער, ברידער, חברים, געפאלענע אין אָפענעם און אומגלייכן קאמף, אין ווארשעווער געטאָ!

## יזכור

די, וואָס זענען אנטקעגנגעגאנגען דעם טויט אין נאָמען פון לעבן, וועלכע האָבן מיט זייער טויט פארטיידיקט דעם יידישן און מענטשלעכן כבוד!

## יזכור

די יידישע העלדן, פאר וועמען דער אינהאלט פון לעבן און טויט איז געווען דער אידעאַל פון נאציאָנאַלער און אלמענטש־לעכער פריהייט!

## יזכור

די יונגע חלוצים, וואָס האָבן אויסגעהאלטן ביז צום סוף אין זייער גלויבן אין א בעסערן מאָרגן!

## יזכור

די קרבנות פון אונזער יידישן גורל, וואָס זענען שוצלאָז אומגע־בראכט געוואָרן אין די גאַז־קאַמערן און קאָנצ.־לאגערן!

## יזכור

די, וואָס האָבן מיט זייער קאמף און טויט געגעבן א זין אונזער לעבן, א גלויבן אין א צוקונפט!

די באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע, דערמאנטע און פאַרגעסענע—

# יזכור

חיים נחמן ביאַליק

# אויף דער שחיטה

הימלען, בעט רחמים פאַר מיר!
אויב דאָ איז אין הימל א גאָט און ער פירט מיט א זיגען —
און איך קאָן דעם גאָט נישט געפינען —
זייט איר מתפלל פאַר מיר!
איך—טויט איז מיין האַרץ און קיין תפילה איז מער אויף מיין ליפּ נישט פאַראַנען.
די האַנט שוין ארונטערגעלאָזן און אויך נישט קיין האָפענונג מער —
ביז וואַנען, ביז ווען נאָך, ביז וואַנען?

דו תליון! מיין האַלדז נאַ — און שעכט!
האָסט א האַק אין דיין פויסט, שנייד מיר אָפּ ווי א הונט האלדז פון נאקן
גאָר די ערד איז א קלאָץ, מיר דעם קאָפּ אָפּצוהאַקן —
און מיר — מיר זיינען ווייניק, אָן רעכט!
הפקר מיין בלוט איז, קעפּ מיך, אַ שפּריץ טאָן דאָס מאָרד־בלוט זאָל בלענדיק,
דאָס בלוט פון א קינד און א גרייז אויף דיין העמד —
און נישט אָפּגעווישט ווערן אויף שטענדיק, אויף שטענדיק.

איז גערעכטיקייט דאָ — זאָל זי אָנקומען שוין!
נאָר אויב נאָכדעם ווי איך וועל שוין ווערן פון אונטערן הימל פאַרטיליקט
די גערעכטיקייט קומען באַוויליקט —
זאָל אונטערגעשוועכט זיין איר טראָנשטול און קרוין!
פון אייביקן אומרעכט דער הימל זאָל פוילן;
און איר אויך, איר בייזוויליקע, גייט מיט אָט דעם פאַרברעך,
לעבט אינעם בלוט און גייט אונטער אין גרוילן.

ווער עס זאָגט: נעם נקמה! — פאַרשאָלטן זאָל זיין!
א נקמה אזא פאַר דעם בלוט פון א קינד פון א שלאָפן,
האָט נאָך נישט דער טייוול באַשאַפן —
זאָל בויערן דאָס בלוט ביז אין אָפּגרונט אריין!
זאָל בויערן דאָס בלוט אין דער חשכות די תהומען, און שאָבן
די פינצטערניש און די יסודות פון ערד, די צעפוילטע —
ביז ס׳וועט זיי דאָס בלוט אונטערגראָבן.

איָר 1903 | פון העברעיש: חיים גראַדע

# דער אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ

## די יידישע קאמפס־אָרגאַניזאַציע. —
## איר אנטשטייונג און אַנטוויקלונג.

*דער דאָזיקער דאָקומענט איז געבוירן געוואָרן אין וואַרשע, אין מערץ חודש פון 1944 יאָר, אין משך פון געציילטע טעג. דעריבער האָבן די מחברים געגעבן נאָר אַן אַלגעמיין בילד. פון וואַרשע איז דער דאָקומענט ארויסגעשיקט געוואָרן דעם 24־טן מאַי 1944 קיין לאָנדאָן.*

מיט דער אינוואַזיע פון די דייטשן אויף די געביטן, וואָס ליגן מזרחדיקער פון בוג, האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייער קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון די יידן אין דעם אָקופּירטן געביט. אַ קאַפּיטל — פון אַ פולשטענדיקער אויסראָטונג פון די יידישע צענטרען. אָנגעהויבן האָט זיך עס אין ווילנע און אומגעגנט. צענדליקער טויזנטער יידן זענען דערשאָסן געוואָרן אין די וועלדער פון פאָנאַר — ביז די איבערגעבליבענע האָבן זיך דערוווסט, אַז פאָנאַר הייסט—טויט.

די פאָרשטייער פון „החלוץ“ זענען געווען ביי דער מיינונג, אַז דאָס אומברענגען פון די ווילנער יידן איז דער אָנהייב פון ליקווידאַציע פון פוילישן יידנטום, און מ׳מוז זיך גרייטן צו אַן אַקטיווער פאַרטיידיקונג. געוויסע יידישע עסקנים האָבן געטענהט, אַז די דייטשע מאָרד־מעשים זענען אַ נקמה־אַקט לגבי די יידן אין יענע געביטן. וואָס זענען פריער פאַרנומען געוואָרן דורך דעם ראַטן־פאַרבאַנד, און אין וואַרשע, וועלכע געפינט זיך אינעם האַרצן פון אייראָפּע, וועט אַזוינס נישט פאָרקומען.

דער „החלוץ“ האָט נישט מסכים געווען אויף אַזאַ אָפּשאַצונג און איז צוגעטראָטן אָרגאַניזירן קאַמפס־גרופּעס. אַזוי זענען אָרגאַניזירט געוואָרן די ערשטע גרופּעס פון „החלוץ“—„דרור“ (פרייהייט—החלוץ־הצעיר) און „השומר־הצעיר“.

אין 1942 איז פרומקע פּלאָטניצקאַ געלונגען צו קומען קיין וואָלין, ווו זי האָט פעסטגעשטעלט, אַז אַלע יידן אין די שטעט און שטעטלעך זענען אויס־

געמאָרדעט געוואָרן. בלויז אין קאָוועל איז געבליבן א היפשער צענטער פון ייִדן. אַן ענלעכע ידיעה איז אויך אָנגעקומען פוו כעלמנאָ.

אַרום דעם „גענעראַל־גוווערנאמענט" האָט געברענט א פייער, אָבער אינעווייניק איז געווען רויק. אין העלפט מערץ (1942) איז, לויט דער איניציאַטיווו פון „החלוץ", צונויפגערופן געוואָרן א צווישנפּאַרטייאישע באַראַטונג, אין וועלכער עס האָבן אָנטייל גענומען: לייזער לעווין, שלום גראַיעק – פּועלי־ציון (צ.ס.); מלך פיינקינד (רה"ג); הירש בעלינסקי – פּועלי־ציון (לינקע); אָזשעך, בלום אַבראַשע – „בונד" און יצחק צוקערמאַן, אַלס פאָרשטייער פון „החלוץ". דער לעצטער האָט אָפּגעגעבן אַ באַריכט וועגן די אַלע ידיעות, וואָס זענען דאָ פון די צפונדיקע און מערבדיקע געביטן, אָפּשאַצנדיק עס אַלס אַן אָנהויב פון אַ פולשטענדיקער ליקווידאַציע פון פּוילישן יידנטום. ער האָט פאָרגעלייגט פאָלגנדע קאָנקרעטע פאָרשלאַגן:

א) שאַפן אַן אַלגעמיינע יידישע קאַמפס־אָרגאַניזאַציע.

ב) אַ שותּפותדיקע פאָרשטייערשאַפט פון אַלע יידישע פּאָליטישע פּאַרטייען און יוגנט־אָרגאַניזאַציעס ביי דער אונטערערדישער בירגערלעכער מאַכט אין פּוילן און שיקן אַ דעלעגאַציע פון די קאַמפס־אָרגאַניזאַציעס צו די מיליטערישע (אונטערערדישע) פּוילישע אָרגאַניזאַציעס.

ג) שאַפן אַן אַפּאַראַט אין דעם אַרישן טייל, וועלכער וועט דאַרפן באַזאָרגן מיט געווער און שאַפן וואַרשטאַטן פאַר פּראָדוצירן געווער אין געטאָ.

די פאָרשטייער פון פּועלי־ציון (צ.ס.) און פּועלי־ציון (לינקע) האָבן אונטערגעשטיצט דעם פאָרשלאָג. דער פאָרשטייער פון „בונד", מ. אָזשעך, האָט דערקלערט, אַז עס איז צו פריצייטיק נאָך צו רעדן וועגן אַן אַלגעמיינער יידישער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע. יעדע פּאַרטיי און אָרגאַניזאַציע דאַרף צונויפשטעלן אירע אייגענע קאַמפס־גרופּן. עס קען נישט גענומען ווערן אין באַטראַכט אַן אַלגעמיינע פאָרשטייערשאַפט, ווייל דער „בונד" פירט אַ סאָציאַליסטישע פּאָליטיק און נישט קיין כלל־ישראלדיקע.

די באַראַטונג האָט נישט געבראַכט צו קיינע רעזולטאַטן.

אַן ערך אין דער זעלביקער צייט איז געלונגען (לויט דער איניציאַטיוו פון די לינקע פּועלי־ציון) צו ברענגען צו א הסכם פון אַלע אַנטי־פאַשיסטישע גרופּן צווישן דער אַרבעטערשאַפט און יוגנט, אַחוץ דעם „בונד".

דער בלאָק האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל:

א. צוזאַמען אָרגאַניזירן א פּאָליטישן קאַמף און אַגיטאַציע קעגן פאַשיזם און רעאַקציאָנערע כוחות אויפן שטח פון געטאָ.

ב. שאַפן אַנטי־פאַשיסטישע קאַמפס־איינהייטן.

ג. אָרגאַניזירן הילף פאַר די קרבנות פון קאַמף מיטן פאַשיזם.

אין דער אָנפירונג פון דעם בלאָק זענען אויסגעקליבן געוואָרן: שכנא זאַגאַן (פועלי־ציון־לינקע), יוסף לעבאַרטאָווסקי—פינקלשטיין (קאָמוניסט), יוסף סאַק (פועלי־ציון—צ.ס.), צביה לובעטקין („החלוץ" און „דרור") און מרדכי אַנילעוויטש (השומר־הצעיר). דער בלאָק האָט אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן אַ צייטונג א. נ. „דער רוף". שפּעטער אַביסל איז אַנטשטאַנען אַ ברייט־פּאַרצווייגטע נעץ פון קאַמפּס־„פינפטלעך", וועלכע האָבן אַריינגענומען עטלעכע הונדערט יוגנטלעכע און אַרבעטער. עס זענען איינגעפירט געוואָרן מיליטערישע איבונגען. בראש פון דער מיליטערישער אָפּטיילונג זענען געשטאַנען: יוסף קאַפּלאַן (השומר־הצעיר), מרדכי טענענבוים (החלוץ), פּישעלזאָן אברהם־מרדכי (פועלי־ציון צ.ס.) און הירש לענט (פועלי־ציון־לינקע).

דער אַנטי־פאַשיסטישער בלאָק האָט געשאַפן די ערשטע ברייט־פאַרצווייגטע קאַמפּס־גרופּן, וועלכע זענען געוואָרן, נישט קוקנדיק אויפן ארעסט פון די הויפּט־פירער און צעשטערונג פון אַפּאַראַט, דער יסוד פאַר דער יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע, וואָס איז אַנטשטאַנען שפּעטער.

איידער די דייטשן האָבן אָנגעהויבן די ליקווידאַציע פון וואַרשעווער געטאָ, האָבן זיי דורכגעפירט 2 אָנשרעקונגס־אַקטן: זיי האָבן דערמאָרדעט 110 אַרעסטירטע יידן פאַר „שטעלן אַ ווידערשטאַנד די דייטשע מאַכט"; און אין דער נאַכט פון 17 אַפּריל 1942 יאָר זענען ארויסגעשלעפּט געוואָרן פון זייערע דירות 49 יידן פון פאַרשידענע געזעלשאַפטלעכע קרייזן און זענען געוואָרן אומגעברענגט, איבערלאָזנדיק די טויטע קערפּערס אויף די גאַסן. דורך דער „קאָלעקטיווער אחריות" האָבן די דייטשן געוואָלט צעברעכן די כוחות, וואָס וואָלטן געוועזן ביכולת זיך קעגנצושטעלן.

מיטוואָך, דעם 22־טן יולי 1942 (ערב תשעה באב תש"ב), האָט זיך אָנגעהויבן די ליקווידאַציע פון וואַרשעווער געטאָ. ס'איז צונויפגערופן געוואָרן גלייך אַ באַראַטונג פון אַלע פאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס, כדי צו באַטראַכטן די לאַגע און אָננעמען מיטלען. די מיינונגען זענען געווען פאַרשידן. די פאָרשטייער פון די לינקע ציוניסטישע פאַרטייען און „החלוץ" זענען געווען פאַר אַקטיווער טעטיקייט, אין דער אָדער אַנדער פאָרם; די מערהייט האָט געפאָדערט: וואַרטן, ביז עס וועט אויפגעקלערט ווערן די לאַגע. דאַמאָלסט האָבן די אַקטיווע טיילן פון די פאַרטייען באַשלאָסן צו שאַפן אַן אַרבעטער־קאָמיטעט צוזאַמען מיטן „בונד". דער קאָמיטעט האָט גענומען אויף זיך די גאַנצע אחריות פאַרן גורל און כבוד פון געטאָ. אין דעם קאָמיטעט האָבן זיך באַטייליגט: ברעסלער, צוקערמאַן יצחק, פינקלשטיין—לעבאַרטאָווסקי יוסף, אזשעך מאַאוריצי, סאַק יוסף און זאַגאַן שכנא. אָבער אויך די קערפּערשאַפט האָט ווייניק וואָס געקענט אויפטון צוליב די גרויסע שוועריקייטן ביים אויספירן די ארבעט, וואָס זי האָט זיך געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע.

דעם 28־טן יולי 1942 איז פאַרגעקומען אַ באַראַטונג פון „החלוץ" און יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, ווי „השומר־הצעיר", „דרור" און „עקיבא". עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו שאַפן די „יידישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע". אין פּויליש פלעגט די אָרגאַניזאַציע זיך חתמענען זש.אָ.ב. (זשידאָווסקאַ אָרגאַניזאַציאַ באָיאָוואַ). אין דער אָנפירונג זענען אַריין: ברעסלער שמואל, צוקערמאַן יצחק, לובעטקין צביה און טענענבוים מרדכי. אלס דעלעגאַציע אויף דער אַרישער זייט זענען געשיקט געוואָרן: אַלטמאַן טאָסיע, פּלאָטניצקא פרומקע, פּערלשטיין לאה, ווילנער אריה (יורעק). זיי האָבן געהאַט די אויפגאַבע אָנצובינדן אַ קאָנטאַקט מיט דער פּוילישער אונטערערדישער באַוועגונג און שאַפן געווער פאַרן געטאָ.

אַזוי איז געשאַפן געוואָרן די „י.ק.אָ." און אין געטאָ איז געווען בלויז איין רעוואָלווער! מיט אומגעדולד האָבן מיר געוואַרט אויף געווער פון דער אַרישער זייט.

אינצווישן האָבן מיר באַשלאָסן:

א. אַרויסלאָזן אַן אויפרוף צו דער יידישער באַפעלקערונג און אויפקלערן, אַז די „עוואַקואַציע" הייסט טרעבלינקע, און טרעבלינקע — הייסט טויט; די יידן דאַרפן באַהאַלטן די פרויען און קינדער און קעגנשטעלן זיך די דייטשע באַפעלן.

ב. פעלשן די דייטשע „לעבנס־קאַרטן" און צעטיילן זיי צווישן דעם טייל באַפעלקערונג, וועלכע האָט נישט „זוכה" געווען צו אַרבעטן אין די דייטשע וואַרשטאַטן און פאַרעכנט ווערן אַלס „פּראָדוקטיווער עלעמענט"; מיר האָבן צעטיילט טויזנטער אַזעלכע קאַרטן.

ג. אַזוי ווי די „אָרדנונגס־דינסט" אין געטאָ און דער „יודען־ראַט" (צוזאמען מיט די אוקראַינער און לעטן) פירן־אויס די באַפעלן פון דער דייטשער מאכט — דאַרף געשטעלט ווערן אַן אַקטיווער ווידערשטאַנד אָט דער שענד־לעכער צוזאַמענאַרבעט. אויפן שעף פון „אָרדנונגס־דינסט" יוזעף שערינסקי איז אַרויסגעטראָגן געוואָרן אַ טויט־אורטייל.

מיר האָבן באַקומען פון אונזערע חברים פון דער אַרישער זייט פינף רעוואָלווערן און 8 גראַנאַטן. אינצווישן האָט אויפגעהערט די „אויסזידלונגס־אַקציע". זי האָט זיך איבערגעטראָגן אין די שטעטלעך פון וואַרשעווער קרייז. מיר האָבן באַשלאָסן, אַז אויב די „גירוש־אַקציע" וועט זיך באַנייען, וועלן מיר אָנגרייפן די דייטשן און אוקראַינער, וואָס וועלן אַריינדרינגען אין געטאָ, אויפן אָפשניט נאָוואָליפּיע—דזיעלנע.

אָבער ווי אַ קללה וואָלט אונז פאַרפאָלגט. עס איז דורכגעפאַלן די גרופּע חברים, וואָס מיר האָבן געשיקט אין די כרוביעשעווער וועלדער. דעם זעלבן גורל האָט געהאַט די צווייטע גרופּע אין די מעזריטשער וועלדער. דעם 3־טן סעפּטעמבער האָט די געסטאַפּאָ אַרעסטירט

יוסף קאַפּלאַנען. אין זעלבן טאָג איז אויפן גאַס געהרגעט געוואָרן שמואל ברעסלער, און אין אָוונט איז אַריינגעפאַלן אין די דייטשע הענט אונזער גע־וועזער־סקלאַד. אַזוי האָט מען פאַרשטומט אונזערע ערשטע שריט, וואָס זייער ציל איז געווען — פאַרטיידיקן דעם כבוד פון די וואַרשעווער יידן.

די דייטשן האָבן באַנייט דעם גירוש (5 סעפּטעמבער). דאָס לעבן איז געוואָרן — א שאנד! אַ סך חברים האָבן געעצהט צו פאַרברענען דעם געטאָ, באַפאַלן די דייטשן מיט די בלויזע פויסטן און שטאַרבן. און ס׳איז געווען אַ מיינונג, וועלכע איז אויך אָנגענומען געוואָרן: אויסנוצן אַלע מעגלעכקייטן צו פאַרשטאַרקן און אַנטוויקלען די „קאַמפס־אָרגאַניזאַציע".

דער מרכז „החלוץ" האָט אָנגענומען פאָלגנדע באַשלוסן:

א. צושיקן שליחים אין אַלע גרעסערע שטעט צו אָרגאַניזירן די פאַרטיי־דיקונג פון די געטאָס, וועלכע האָבן נאָך עקזיסטירט.

ב. פאַרשטאַרקן די געמיינזאַמע ארבעט מיט אַלע פּאָליטיש־געזעלשאַפט־לעכע פּאַרטייען און גרופּירונגען.

פּועלי־ציון (צ.ס. און לינקע) האָבן גלייך מסכים געווען. די פאַרהאַנד־לונגען מיטן „בונד" האָבן זיך פאַרצויגן. זיי האָבן מסכים געווען צוצושטיין צו דער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע נאָר אויפן שטח פון שטאָט וואַרשע — אין פּוילן זענען דאַמאָלסט נאָך געווען 2 מיליאָן יידן, צו אַ בשותּפותדיקער פאַרשטייערשאַפט האָבן זיי נישט מסכים געווען.

דער „החלוץ", „דרור" („פרייהייט—החלוץ־הצעיר"), „השומר־הצעיר", „גורדוניה", פּועלי־ציון (צ.ס.), התאחדות, פּועלי־ציון־לינקע און די אַלגעמיינע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע — האָבן באַשלאָסן צו פאַראייניקן זיך צו אַ געמיינ־זאַמער ארבעט אין „יידישן נאַציאָנאַלן קאָמיטעט" (זש. ק. ב.). דאָס פאַר־שטענדיקן די ארבעט מיטן „בונד" איז צושטאַנדגעקומען דורכן שאַפן פון א יידישן פאַרשטענדיקונגס־קאָמיטעט. אין פּרעזידיום פון דעם קאָמיטעט זע־נען אויסגעקליבן געוואָרן: צוקערמאַן יצחק — סעקרעטאַר (וועלכער איז אויסגעקליבן געוואָרן איינשטימיק אויפן פאָרשלאַג פון „בונד"), קירשענבוים מנחם און בלום אבראשע. מיטגלידער זענען געווען: אלעקסאַנדער (פ.פ.ר.), מרים איינסדאָרף, מלך פיינקינד, געלער אליעזר, לובעטקין צביה און מאָרגענשטערן יוחנן.

אין דער אָנפירערשאַפט פון דער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע זענען געווען: אַני־לעוויטש מרדכי—קאָמענדאַנט אָרגאַניז. אָפּטיילונג; צוקערמאַן יצחק—געהילפס־קאָמענדאַנט, באַוואָפענונג; מאַרק עדעלשטיין—אויסשפּירונג; מאָרגענשטערן — פינאַנסן; בערלינסקי הירש און ראַזענפעלד מיכאל.

דער יידישער פאַרשטענדיקונגס־קאָמיטעט האָט אויך אויסגעקליבן אַ קאָ־מיסיע פאַר פּראָפּאַגאַנדע: בלום אַברהם, צוקערמאַן יצחק, פיינקינד מלך; פאַר פינאַנסן — איינסדאָרף מרים, לובעטקין צביה, מאָרגענשטערן יוחן; פאַרזאָרגונג—באַזשיקאָווסקי טוביה און וועגגראָווער יהודה.

עס איז אויך געשאַפן געוואָרן אַ בירגער־קאָמיטעט, וואָס האָט געדאַרפט זאָרגן וועגן געלט: 1) פאַר מיליטערישע־אָרג. 2) פאַר אויסבויען בונקערס און רעטונגס־ערטער; פאַר פאַרשפּרייטן דעם געדאַנק פון אַקטיוון ווידער־שטאַנד צווישן אַלע שיכטן פון דער באַפעלקערונג. אין דעם קאָמיטעט זע־נען אַריין: בלאָך ל. ל., כאַלאָדענקאָ דוד, גיטערמאַן יצחק; גוזיק דניאל; כהן מנחם; לאַנדוי אַלעקסאַנדער און סאַק יוסף.

אַלס פאָרשטייער פון נאַציאָנאַלן־קאָמיטעט אויף דער אַרישער זייט איז באַשטימט געוואָרן ד״ר א. בערמאַן און אריה ווילנער (יורעק).

די פּראָפּאַגאַנדע־קאָמיסיע האָט מיטגעאַרבעט מיט דער קאָמיסיע פון אַרכיוו פון יידישן נאַציאָנאַלן־קאָמיטעט, וועמענס מיטגלידער עס זענען גע־ווען ד״ר רינגעלבלום עמנואל, גוטקאָווסקי אליהו און וואַסער ה.

מיר האָבן באַשלאָסן צו רייניקן די אַטמאָספער אין געטאָ, דורכן ליק־ווידירן די פאַרדאָרבנקייט און פאַרברעכער, וואָס האָבן זיך פאַרקויפט צו די דייטשן; מיר האָבן אָנגעוואָרפן אַ שרעק אויפן „יודן־ראַט“ און זיינע אַגענ־טאַלטן. דער טויט פון קאָמענדאַנט פון די „אָרדנונגס־היטער“ יעקב לייקין, וואָס איז דערהרגעט געוואָרן דורך אליהו רוזשאַנסקי (אלעק), איז געווען אַ וואָרנונג פאַר זיינע חברים; און דאָס אויספירן דעם טויט־אורטייל איבער ישראל פירשט דורך דוד שולמאַן—איז געווען אַ וואָרנונג צו דעם דעגענע־רירנדיקן „יודן־ראַט“.

דער ערשטער באַוואָפנטער אקט, וואָס עס האָט אויסגעפירט די קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע — איז געווען אין קראָקע. דעם 24־טן דעצעמבער 1942 זענען געוואָרפן געוואָרן האַנט־גראַנאַטן אין עטלעכע דייטשע קאַפעען; עס זענען דערשאָסן געוואָרן עטלעכע העכערע געסטאַפּאָ־לייט. ווי די דייטשן האָבן אַליין מודה געווען, זענען 20 דייטשן געהרגעט און פאַרוווּנדעט געוואָרן. מיט דעם האָט זיך געענדיקט די טעטיקייט פון קראָקעווער־אָפּטיילונג פון דער ק. א., וועלכע איז אריינגעפאַלן אין די דייטשע הענט, צוזאַמען מיטן קאָ־מענדאַנט לאַבאַן (אברהם־לייב לייבאָוויטש).

דעם 18־טן יאַנואַר 1943 האָבן די דייטשע ס. ס.־לייט אַרומגערינגלט דעם וואַרשעווער געטאָ פון אַלע זייטן. די, וואָס זענען געגאַנגען צו דער אַרבעט, האָט מען אָפּגעפירט צום „אומשלאַג־פּלאַץ“, כדי צו רעווידירן די „פּראָדוקטיווקייטס־קאַרטן“. אַ טייל האָט באַוויזן אויסצובאַהאַלטן זיך אין די פאַרשיידענע קעלערן, בוידימער, דאָפּעלטע ווענט, וועלכע זענען צוגעגרייט

געוואָרן אין משך פון 3 חדשים. עטלעכע קאַמפּס־גרופּן זענען געבליבן אויף די גאַסן, און, אַרייננגייענדיק צווישן די רייען פון געפּירטע יידן, האָבן זיי אויפן ראָג זאַמענהאָף־ניזקע געעפנט אַ פייער אויף די דייטשן. די יידן האָבן זיך צעשפּרייט, און די דייטשן האָבן אָנגעהויבן צו אַנטלויפן. נאָר אינגיכן האָבן זיי זיך צוריקגעקערט. עס זענען געפאַלן קרבנות פון ביידע צדדים. נאָך אַ לענגערן קאַמף איז די גאַנצע גרופּע אומגעקומען, אַ חוץ איר קאָמענדאַנט מרדכי אַנילעוויטש.

אַנדערע גרופּן, אונטער דער אָנפירונג פון יצחק צוקערמאַן, אליעזר געלער און אריה ווילנער, האָבן געקעמפט אין די הויפן פון זאַמענהאָף 58, מוראַנאָווסקע 44, מילע 34, 41 און 63 און אויף סטאַווקי גאַס. אַ טויט־שרעק איז באַפאַלן די דייטשן. זיי האָבן אויפגעהערט אַריינצוגיין אין די הויפן. אויפן דריטן טאָג האָט זיך אָפּגעשטעלט דער גרוש.

דער פּאַסיווער ווידערשטאַנד פון דער באַפעלקערונג און די קאַמפן פון דער יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע האָט געצוווּנגען די דייטשן אָפּצושטעלן די ליקווידאַציע פון געטאָ.

אַלס קאָמענדאַנט פונעם צענטראַלן געטאָ איז באַשטימט געוואָרן ישראל קאַנאַל; אויפזעער איבער די ברעשט־וואַרשטאַטן—מאַרק עדעלשטיין; אויף די וואַרשטאַטן פון טעבענס — אליעזר געלער.

די קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע איז באַשטאַנען פון 22 קאַמפּס־גרופּן. פון זיי 11 — פון די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן געהערט צום „החלוץ“: דרור—5, השומר־הצעיר—4; עקיבא—1; גורדוניה—1; 4 גרופּן פון „בונד“; 1 — פּועלי־ציון־לינקע; 1—פּועלי־ציון (צ. ס.); 1—הנוער הציוני; 4 — לינקע גרופּירונגען (פּ. פּ. ר.).

אַלס די אָנפירער פון די גרופּן זענען באַשטימט געוואָרן:

„דרור“ (החלוץ, פּרייהייט—החלוץ הצעיר): 1. בנימין וואַלד, 2. זכריה אַרטשטיין, 3. חנוך גוטמאַן, 4. יצחק בלווישטיין, 5. בערל ברוידא.

„השומר הצעיר“: 1. מרדכי גראָבאַס (מערדעק), 2. דוד נאָוואָדוואָרסקי, 3. סאַלאַמאַן (יוסף־יהושע) ווינאָגראָן, 4. יוסף פאַרבער.

„גורדוניה“: יעקב פייגענבלאַט. „עקיבא“: 1. לוטעק ראָטבלאַט. „הנוער־הציוני“: 1. פּהאַשקער יעקב. „פּועלי־ציון“ (צ. ס.): מאַגיסטער מאַרק מעיראָוויטש. פּועלי־ציון־לינקע — הערש בערלינסקי; און פון די לינקע גרופּירונגען: 1. הענריק (הערשל) קאַבאַ. 2. הענריק זילבערבערג, 3. יורעק גרינשפּאַן, 4. פּאַוועל. פון „בונד“: 1. וועלוול ראָזאָווסקי, 2. לייב גרויזאַלץ, 3. יורעק בלאָנעס, 4. דוד האָכבערג.

די אַלע 22 גרופּן־אָנפירער זענען געפאַלן אין קאַמף.

אין דער נאַכט פון 18־טן אַפּריל האָט זיך אָפּגעשפּילט דער לעצטער אַקט פון דער טראַגעדיע אין וואַרשעווער געטאָ — ס'איז צוגעגרייט געוואָרן אַ מתנה צום געבורטס־טאָג פון „פירער": די קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע איז געווען גרייט צום קאַמף. די דייטשן האָבן אויפן שטח פון געטאָ קאָנצענטרירט אַסך כוחות. ס'האָט זיך צעפלאַקערט אַ קאַמף. די קעמפער האָבן זיך קאָנצענטרירט אין 3 שליסל־פּאָזיציעס. דער ערשטער צוזאַמענשטויס איז פאָרגעקומען אויף די נאַלעווקעס. ער האָט זיך געענדיקט מיטן זיג פון די קעמפער.

אין דער זעלבער צייט איז דער הויפּט־קאַמף פאָרגעקומען אויפן קרייצוועג פון די גאַסן מילא־זאַמענהאָף. די דייטשן האָבן אָפּגעטראָטן איבערלאָזנדיק ביי 200 מענטשן, הרוגים און פאַרווונדעטע. דאָס איז געווען דער צווייטער נצחון. ענלעך איז די לאגע געווען אויף אַנדערע פּונקטן.

אַן אנדער מעטאָד האָבן די דייטשן אָנגעווענדעט אין צווייטן טאָג פון קאַמף. זיי האָבן אָנגעהויבן אונטערצוצינדן דעם געטאָ. זיי האָבן פאַרברענט אַלע הייזער, ווו זיי האָבן זיך אָנגעשטויסן אויף אַ ווידערשטאַנד: נאַלעווקעס 33, 35, 37; מילע — 28, 19; זאַמענהאָף — 28. אַלס קעגן־אַקציע האָבן די קעמפער אונטערגעצונדן די סקלאַדן פון „ווערט־ערפאַסונג". דער היזק האָט באַטראָפן צענדליקער מיליאָנען זלאָטעס.

די קעמפער זענען אַריבער צו אַ פאַרטיידיקונגס־טאַקטיק. זיי האָבן געוואָלט ראַטעווען, ווי ווייט עס איז מעגלעך געווען, די יידן וואָס האָבן זיך געפונען אין די באַהאַלטענישן. אויפן זעקסטן טאָג האָט זיך אָנגעהויבן די פאַרטיידיקונג פון דעם ראַיאָן, ווו ס'האָבן זיך געפונען די פאַבריקן פון טעבענס און שולץ. פאַרביטערטע קאַמפן האָבן זיך געפירט אויף נאָוואָליפּקי 41, אויף לעשנאָ 78, 76, 74 און נאָוואָליפּיע 67, 69.

די דייטשן האָבן געבראַכט שווערע אַרטילעריע, וואָס איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אויף די פּלעצער קראַשינסקי, מוראַנאָוו און אויף די גאַסן שוויענטאָיערסקע און באָניפראַטערסקע. די אָפּיציעלע באַלאַגערונג פון געטאָ האָט זיך אָנגעהויבן — די מינען־וואַרפערס האָבן געזייט טויט; די אַעראָפּלאַנען האָבן געשטורעמט פון דער הויך. אַ פייער האָט אַרומגעכאַפּט יעדן קווארטאַל, און טויזנטער יידן זענען אומגעקומען אין פייער.

אויפקלערנדיק די לאַגע, האָט די קאָמענדאַטור פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע געשיקט, אנצובינדן אַ קאָנטאַקט אויף דער אַרישער זייט, יצחק צוקערמאַנען, אַנשטאָט אַריה ווילנער, וועלכער איז געכאַפּט געוואָרן דורך די דייטשן. האָט זיך געראַטעוועט פון „פּאַוויאַק" און זיך צוריקגעקערט אין געטאָ. שמחה ראַטהייזער (קאַזיק)—דער שליח פון געטאָ — איז דעם 8־טן מאַי צוריקגעקומען אין געטאָ, כדי ארויסצונעמען מענטשן — אָבער ער האָט פאַרשפּעטיקט.

נאָך דעם העלדישן קאַמף אין וואַרשעווער געטאָ איז געקומען די ריי פון פאַרטיידיקונג און ליקווידאַציע פון די געטאָס אין טשענסטאָכאָוו, בענדין, ביאַליסטאָק און אַנדערע שטעט.

אַ העלדישער קאַמף איז פאָרגעקומען אין ביאַליסטאָק, אַ קאַמף וואָס האָט געדויערט אַ חודש. די יידן האָבן דערהרגעט און שווער פאַרוווּנדעט הינדערטער דייטשן און אוקראַינער.

דעם ביאַליסטאָקער געטאָ האָבן די דייטשן אונטערגעצונדן פון אַלע זייטן, פונקט ווי דעם וואַרשעווער.

אַ דאַנק דער הילף פון דער וואַרשעווער קאַמפּס-אָרגאַניזאַציע האָבן זיך קעגנגעשטעלט די קאַמפּס-גרופּן אין טשענסטאָכאָוו — צווישן וועלכע ס'האָט זיך אויסגעצייכנט מאָטל פּאָלמאַן — אין בענדין און טראַוווניקי. זיי אַלע האָבן געקעמפּט ביזן לעצטן קויל.



# מרדכי אַנילעוויטש

מרדכי אַנילעווימש, קאָמענדאַנט פון אויפשטאנד אין וואַרשעווער געטאָ — איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1919, אין וואַרשע, אין פוילישן פּראָלעטאַרישן קוואַרטאַל, אויף סאָלעץ 13. ער איז געווען אַ זון פון אַן אָרעמער, אַרבעטנדיקער משפחה. באַקומען א יידיש־ציוניסטישע דערציונג. געווען א שילער פון דער גימנאַזיע „לאור". ווי דער בעסטער שילער, האָט ער גענאָסן פון אַ סטיפּענדיע און איז געווען באַפרייט פון שכר־למוד. צו 14—15 יאָר איז ער אריינגעטרעטן אין „השומר־הצעיר". געווען מיטגליד פון גדוד „בחזית", צו וועלכן עס האָט געהערט שמואל ברעסלאַוו און אנדערע חברים, וואָס האָבן שפּעטער געשפּילט א באַדייטנדיקע ראָל אין וואַרשעווער אויפשטאַנד. ער ווערט איינער פון די אקטיווסטע חברים אין וואַרשעווער קן. אין 1937 איז ער געוואָרן מיטגליד פון דער קן־אָנפירערשאַפט. אין 1939 האָט אַנילעוויטש פאַרענדיקט גימנאַזיע. אין אָנהויב מלחמה איז ער, מיט א גרופּע חברים, אוועק קיין קאָלאָמיי און פון דאָרט אין שטעטל קוטי, ווו ער האָט אָנגעקניפּט א קאָנטאַקט מיט רומעניע, וווהין ער האָט איבערגעשיקט חברים. נאָכדעם, ווי וואַרשע איז געוואָרן אָקופּירט, האָט זיך מרדכי צוריקגעקערט. ער האָט גענומען באַזוכן די געגנטן, וואָס זענען געוואָרן אָנגעשלאָסן צום רייך. פיל פון זיינע חברים האָבן פאַרלאָזט וואַרשע. ער האָט אָבער געזאָרגט פאַר דער באַוועגונג און צוגערעדט די חברים זיי זאָלן בלייבן אויף זייערע פּאָזיציעס. סוף 1939 איז ער אוועק קיין ווילנע. אין יאַנואַר 1940 איז ער צוזאַמען מיט מירא פורבער געקומען צוריק קיין וואַרשע און באַנייט די ארבעט פון זיין קן. אין מערץ 1940 האָט ער אָנטייל גענומען אין א צוזאַמענפלי פון „השומר־הצעיר", ווו ער האָט געהאַלטן א גרויסן פּאָליטישן רעפעראַט. אין א יאָר שפּעטער האָט ער אָרגאַניזירט אַ צווייטע קאָנפערענץ, מיט זיין אנטייל, אין דערציונגס־סעמינאַר. ער איז געווען אַן אקטיווער מיטגליד אין דער הויפּט־אָנפירערשאַפט פון „השומר־הצעיר" און נאָכן אומקום פון יוסף קאַפּלאַן. איז ער געוואָרן מיטגליד פון מרכז „החלוץ". ער האָט אויך מיטגעארבעט ביים ארויסגעבן די צייטשריפט „נגד־הזרם".

אָנהויב 1942, ווען ס'האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען וועגן איבערשיקן די יידן פון דער געגנט, וואָס איז אָנגעשלאָסן געוואָרן אין רייך, אין די טויטלאַגערן פון אָשווענטצים, איז מרדכי ארויסגעפאָרן אין אויבערשלעזיע, ווו ער האָט זיך געטראָפן מיטן פאָרזיצער פון יידן־ראַט — מערין. דער פאָרזיצער האָט זיך באַמיט איבערצוציינגן מרדכיין, אז די יודען־ראַטן ברענגען מיט זייער טעטיקייט פּאָזיטיווע רעזולטאַטן. אַנילעוויטש, אָבער, דערקלערט אים, אז די יידישע יוגנט וועט זיך קעגנשטעלן מיט כח די דייטשע אקציעס פון אי־

בערזידלען די יידן. ער העלפט אָרגאַניזירן זעלבסטשוץ־קעמערלעך אין די אויבערשלעזישע קנים. דערוויסנדיק זיך וועגן אומקום פון יוסף קאַפּלאַן און שמואל ברעסלאַוו (האַרבסט 1942), האָט ער זיך צוריק אומגעקערט קיין וואַרשע. דאָ שטעלט ער זיך אין דער שפּיץ פון „השומר־הצעיר". ער ווערט קאָמענדאַנט פון די קאַמפס־גרופּן און באַמיט זיך צו פאַרבעסערן די קאַמפס מיטלען קעגן די באַרבאַרישע דייטשן.

אין יאַנואַר 1943 פירט ער אָן מיטן ערשטן קאַמף קעגן די דייטשן. מיט א קליינער גרופּע חברים רייסט ער זיך דורך די רייען פון די יידן, וואָס זענען באַשטימט געוואָרן אַרויסגעשיקט צו ווערן און עפנט א פייער אויף די דייטשן. אין דעם קאַמף זענען געפאלן זיינע חברים, נאָר אים איז על־פי־נס געלונגען זיך צו ראַטעווען.

אין דער פּוילישער קאָנספּיראַציע איז ער געווען באַקאַנט אונטערן נאָמען „מלאכי".

דעם 23 אַפּריל 1943, צוויי וואָכן פאַר זיין טויט, האָט ער געשריבן צו יצחק צוקערמאַן: „מיין לעצטער ווילן איז מקוים געוואָרן. די יידישע זעלבסטשוץ איז געוואָרן א פאַקט. דער יידישער ווידערשטאַנד און נקמה האָבן באַקומען א ממשותדיקע פאָרם. כ'בין גליקלעך, וואָס כ'בין געווען צווישן די ערשטע קעמפענדיקע יידן אין געטאָ".

דעם 8־טן מאַי 1943 האָט ער זיך געפונען, צוזאַמען מיט א טייל פון די קעמפער, אין א באהעלטעניש אויף מילע 18. די דייטשן האָבן אַרומגערינגלט דאָס הויז און פאַרוואָרפן מיט גראַנאַטן און גאַז־באָמבעס. אין דעם קאַמף איז געפאַלן מרדכי אנילעוויטש און מירא פורכער. א טייל אויפשטענדלער זענען באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. קיינער איז נישט אריינגעפאלן אין די דייטשע הענט לעבעדיקערהייט.

צביה

# די לערע פון וואַרשעווער אויפשטאַנד

## 1' דאָס פאָלק האָט נישט געגלויבט

בכדי צו פאַרשטיין דעם אויפשטאַנד אין די געטאָס, בכדי צו וויסן, פאַרוואָס ער האָט פאַרשפּעטיקט און צוליב וואָס ער האָט אַרומגענומען אַזאַ קליינע צאָל מענטשן, — דאַרף מען פאַרשטיין די תקופה פון פאַרן אויפשטאַנד, דעם כאַראַקטער פון פיינט און זיין טאַקטיק.

פון ערשטן טאָג, ווי די דייטשן האָבן פאַרנומען פוילן, האָבן זיי געהאַט אַ דייטלעכן, פאָרויס דורכגעטראַכטן ליקווידאַציע־פּלאַן. דייטשע פּראָפעסאָרן „געלערנטע" אויפן געביט פון אונטערדריקונג און פאַרניכטונג, האָבן אויסגעבעסערט די סיסטעמען. זיי צוגעפּאַסט צו די באַדינגונגען און ענדערונגען. אַפילו אונזער באַוועגונג, וועלכע איז דערצויגן געוואָרן אויף ווערטן פון אַ פרייַ לעבן, נאַציאָנאַל מענטשלעכן שטאָלץ, דער „החלוץ", האָט פריער נישט פאָרויסגעזען, אַז די ריכטליניע פון די דייטשן איז — אַבסאָלוטע פאַרניכטונג.

מיר האָבן געוווּסט, אַז די דייטשן ווילן אונז צעברעכן, אָפּמעקן ביי אונז דאָס מענטשלעכע געשטאַלט; דערפאַר האָבן מיר געזען אונזער הויפּט־פליכט, אין אָפּהיטן דאָס דאָזיקע געשטאַלט. די אונטערערדישע יידישע באַוועגונג האָט זיך דאַן פאַרנומען מיט דערציערישער, קולטורעלער אַרבעט. די ערשטע יאָרן פון געטאָ האָבן געברענגט צו אַן אויפבלי פון געזעלשאַפטלעכן, קולטורעלן לעבן. עס האָט געהערשט אַ געפיל: מיר וועלן זיי בייקומען; „מ'וועט זיי איבערלעבן". מיר האָבן געוווּסט, אַז פיל פון אונזערע ברידער וועלן אומקומען פון הונגער, קראַנקהייטן, מיר האָבן אָבער געגלויבט, אַז די מערהייט פון צבור, ווייניקסטנס אַ גרויסער טייל פון אים, וועט דאָך בלייבן לעבן. דערפאַר האָבן מיר געזאָרגט, אַז אונזער יוגנט זאָל זיין געזונט אין גייסט און אין קערפּער, כדי צו דערפילן די פליכטן, וואָס דערוואַרטן זיי, נאָכן קריג.

אין די יאָרן, ווען די דייטשן האָבן געגרייט די ליקווידאַציע פון די יידן איז קענען זיי נישט געפירט געוואָרן קיין טעמיקייט מיט וואָפן. אויך די פּויליש אונטערערדישע באַוועגונג האָט זיך הויפּטזעכלעך פאַרנומען מיט דער־

ציעריש‏ער אַרבעט, פּראָפּאַגאַנדע, פאַרבינדונגען מיט אויסלאַנד א. א. וו. ווען די ערשטע ידיעות פון ליקווידירן די יידן אין ווילנער געטאָ, האָבן דערגרייכט קיין וואַרשע, ווען ס'זענען געקומען די ערשטע שליחים פון "החלוץ" און דערציילט וואָס זיי האָבן געוווּסט, — האָט אַפילו די יידישע אָנפירערשאַפט נישט געוואָלט גלויבן.

אויף אַן ענגן צוזאַמענטרעף פון די בעסטע פון יידישן צבור אין וואַרשע, אויף וועלכן דער קברן פון כעלמנאָ האָט דערציילט, וואָס זיינע אייגענע אויגן האָבן געזען און וואָס זיינע הענט האָבן געטון, איז געווען אַ טייל, וואָס האָט בכלל נישט געגלויבט און אַ טייל האָט אויפגעקלערט, אַז דאָס האָט פּאַסירט דאָרט, אויף דער גרענעץ, ווו ס'זענען געווען סאָוויעטישע יידן. אָבער דאָ אין וואַרשע, אין האַרץ פון אייראָפּע -- וועט אַזאַ זאַך נישט פּאַסירן. די וועלט וועט נישט שווייגן... דעריבער איז בעסער וועגן דעם בכלל נישט צו רעדן...

מיר, דער „החלוץ", האָבן [illegible], אַז כעלמנאָ און ווילנע איז אַ סיסטעם פון פאַרניכטונג. [illegible] אַז דער דאָזיקער גורל דערוואַרט אונדז אַלעמען. דערברייטער עולם האָט פאַרשטאָפּט די אויערן, האָט נישט גע־גלויבט און נישט געוואָלט גלויבן.

## 2. דער אָנהויב פון אָרגאַניזירונג

אונזער באַוועגונג האָט זיך פאַרנומען מיט דערציונג, מיט אויפשטעלן הכשרות, ראַטעווען יידן, יידישע יוגנט פון הונגער־טויט און גייסטיקער דע־גענערירונג. מיר זענען נישט געווען גרייט גלייך איבערצוגיין צו אַ לעבן פון געווער, פון פאַרטיידיקונג. מיט דער פּוילישער גאַס האָבן מיר נאָך דאַן נישט געהאַט קיין פאַרבינדונג. געווער האָבן מיר נישט געהאַט. ס'זענען פאָרגעקו־מען קורסן פון הגנה, אָבער מיר זענען נאָך נישט געווען גענוג געשולט צו באַנוצן געווער.

מיר האָבן אָנגעהויבן זוכן וועגן פון אָרגאַניזירן די פאַרטיידיקונג. די אַרבעט פון דער באַוועגונג אין דער תקופה, סוף 1941, האָט זיך קאָנצענ־טרירט אויף דריי געביטן:

א) זוכן פאַרבינדונגען מיט ארץ־ישראל.

פון ערשטן טאָג, זינט די דייטשן זענען אַריין אין פּוילן, האָבן מיר גע־זאָרגט, ס'זאָל נישט איבערגעריסן ווערן די דאָזיקע פאַרבינדונג. איייניקע צענדליק חברים איז געלונגען אַנצוקומען דורך געהיימע וועגן, אָבער צענד־ליקער חברים זענען אומגעקומען זוכנדיק דעם וועג; הונדערטער זענען גע־פאַלן אויף די וועגן.

ב) אַ פאַרבינדונג צווישן די געטאָס.

יעדער געטאָ איז געווען פאַרשפּאַרט און האָט נישט געוווּסט פון דער צווייטער. מיר האָבן געשטעלט אין געפאַר מענטשן און זיי האָבן געשאַפן אַ לעבעדיקע בריק פון געטאָ צו געטאָ. אַ פאַרבינדונג צווישן די געטאָס באַדייט: זיך אַרויסגנב'ענען ביינאַכט פון געטאָ אויף דער אַרישער זייט, קאָנטראָלירן צי מ'זעט דיך נישט; אויף דער אַרישער זייט טאָר מען נישט

דערקענען, אַז דו ביסט אַ ייד. אויב קוקט מען אויף דיר מיט חוצפה, טאָרסטו נישט, אַראָפּלאָזן דעם בליק, אַרויסווייזן אַ וועלכע ס׳איז נישט שוואַכ־קייט, ווען נישט — איז דיין גורל אַ געחתמ׳עטער. אין צוג, ווען ס׳געלינגט דיר אַריינצוגיין — מוזטו זיך באַטייליקן אין געשפּרעכן אויך קעגן יידן. דריי גרענעצן דאַרף דער רייזנדער דורכגיין פון איין געטאָ צום צווייטן. שבעה מדורי גיהנם זענען דורכגעגאַנגען אונזערע מענטשן. אין דער ערשטער תקופה האָבן זיי געטראָגן ציימונגען און בריוו, אין דער צווייטער — געווער.

ג) הכשרה און יוגנט־דערציונג.

מיר האָבן באַנייט גראָכאָוו, אויפגעשטעלט, הכשרה־קבוצים אין דעם גרעסטן טייל גרויסע שטעט, אַנטוויקלט אַ פאַרצווייגטע דערציערישע טעטיקייט.

## הונגער און זויפעריי — האַנט ביי האַנט.

דער געטאָ איז געווען פאַרמאַכט פאַר דער פרעמדער וועלט, אָפּגעריסן פון דער יידישער וועלט. דער „יודנראַט" הערשט אויף לעבן און טויט. די מענטשן פון „יודנראַט" זענען געווען פאַרשידענע. ס׳האָט פּאַסירט, אַז זיי זענען אַריין אין אים מיט גוטע כונות, אָבער אָביעקטיוו גענומען האָט דער „יודנראַט" געדינט די דייטשן. די דייטשן האָבן שטענדיק מסכים געווען, אַז זייערע באַפעלן און גזירות זאָלן אויסגעפירט ווערן דורך די יידישע מאַכט־אָרגאַנען און דער „יודנראַט" האָט זיי געדינט, ווי אַן אינסטרומענט פאַר דערנידעריקונג און פאַרניכטונג. די מענטשן פון „יודנראַט" וועלן ווערן דער־מאָנט און פאַרשריבן אַלס פאַרעטער פון זייער פאָלק.

אין געטאָ האָט געהערשט אַ הונגער. אין איין טאָג זענען אין וואַרשע־ווער געטאָ געשטאָרבן פון הונגער זעקס טויזנט מענטשן. איידער זיי האָבן אויסגעהויכט זייער נשמה, האָבן זיי זיך אַרומגעוואַלגערט געשוואָלענע פון הונגער וואָכן־ און חדשים־לאַנג. און ווען אין אָוונט האָט זיך איינגעשטילט דער געפילדער אין גאַס, זענען צו דיינע אויערן דערגאַנגען פון אַלע זייטן געשרייען פון יונגע קינדער: „אַ שטיקעלע ברויט".

און ביי דער זייט פון הונגער — זויפעריי און הולטייסטווע. פיל האָבן אָנגעזאַמלט רייכטום דורך מעקלעריי, האַנדלען מיט דייטשן, אדער דורך שמוגלעריי. אין דער צייט פון גרויסן הונגער אין געטאָ, האָט מען געקענט אַלץ באַקומען, אָבער פאַר פאַנטאַסטישע פרייזן. און אַזוי האָט אויסגעזען דער געטאָ: אַ טייל ליגט און גוסס׳ט פון הונגער, און אַ צווייטער טייל — הוליעט און שכור׳ט, טאַנצט און לאָזט זיך וווילגיין.

## אַנטוישטע צו באַקומען הילף —
## אָנגעהויבן מיט אייגענע כחות.

מיר האָבן געזוכט סימפּאַטיקער און פריינט אין יידישן צבור. לויט דער איניציאַטיוו פון „החלוץ" איז צונויפגערופן געוואָרן אַ זיצונג פון די פּראָלע־טאַרישע פאַרטייען: די ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע און „בונד". מיר האָבן פאָדערט, גלייך אויפצושטעלן אַ יידישע מיליטערישע אָרגאַניזאַציע. וואָס

זאָל שוין אָנהויבן באַשיצן דאָס יידישע לעבן. דער „בונד“ האָט געטענה׳ט, אַז דאָס איז אַ פּאַניקע; אַז מיר רעדן „קינדעריש“. אויסערדעם, האָבן זיי געזאָגט, איז דער יידישער קאַמף פאַרבונדן מיט דעם באַפרייאונגס־קאַמף פון אַלע פעלקער, אויך פון די פּאָליאַקן, און אויך זיי פּראָקלאַמירן נאָך נישט קיין באַוואָפנטן קאַמף קעגן די דייטשן. מיר האָבן דאַן צו ווייניק געגלויבט אין אונזערע כחות, מיר האָבן מורא געהאַט אָנצוהויבן מיטן צוגרייטן זיך, נישט קריגנדיק, כאָטש, אַ מאָראַלישע שטיצע פון דעם יידישן צבור. מיר האָבן נישט געהאַט קיין אויסגעשולטע מיליטער־לייט. מיר האָב! אויך נישט געוווּסט, ווי אַזוי צו באַקומען געווער — די מלאכה פון מאַכן געווער, האָבן מיר זיך אויסגעלערנט אין אַ מער שפּעטערדיקער תקופה. וואָלטן מיר געהאַט אויסגעשולטע פּאַסיקע מענטשן — איז מעגליך, אַז דער אויפשטאַנד וואָלט אויסגעבראָכן פיל פריער.

ווען מיר האָבן זיך אַנטוישט פון אויפצושטעלן אַזאַ אָרגאַניזאַציע — האָבן מיר אָנגעהויבן שאַפן פאַרבינדונגען מיט׳ן פּוילישן קעמפּענדיקן לאַגער, אי־בערהויפּט מיטן לינקן פליגל. אין געטאָ איז געוואָרן אויפגעשטעלט אַן אַנטי־פאַשיסטישער קאָמיטעט, מיט דער הילף פון דער אונטערערדישער באַוועגונג פון לינקע אויף דער אַרישער זייט, און פון אים זענען אויסגעוואַקסן די ערשטע קעמפּענדיקע גרופּן.

דאָס פּראָגראַם איז געווען: קאַמף קעגן די דייטשן דורך פּאַרטיזאַנקע און סאַבאָטאַזש־אַקטן, אַלס הילף פאַר דער רויטער אַרמיי. אָבער גלייכצייטיק, האָבן מיר געהאַלטן, אַז די פליכט פון באַוואָפנטן כח איז אויך — צו פאַרטיידיקן די יידן.

אויך די דאָזיקע פּרוּוון האָבן נישט געבראַכט קיין רעזולטאַטן. די פּוילישע זייט איז נישט געווען גענוג שטאַרק — נישט אין געווער און נישט אין מענטשן, בכדי אָנצוהויבן אָנפאַלן, סאַבאָטאַזש־אַקציעס א. א. וו. און מיר, וועלכע האָבן געהאָפט צו קריגן פון די פּאָליאַקן געווער און אַרויסצוגיין אין די וועלדער — זענען געבליבן מיט ליידיקע הענט.

מיר האָבן אַרייננבאַקומען צוויי רעוואָלווערן — און מיט זיי האָט זיך געשולט דאָס „מיליטער“, וואָס האָט דאַן געציילט 450 מענטשן, די מערהייט — יוגנטלעכע. מיט אַזעלכע כחות — אָרגאַניזירטע און נישט באַוואָפנטע, זענען מיר אַריין אין דער פאַרניכטונגס־תקופה פון דעם גאַנצן געבית, וואָס האָט געהייסן „גענעראַל גוווערנעמענט“.

אין טאָג, ווען ס׳איז אויסגעבראָכן די אַקציע פון די אויסזידלונגען, האָבן מיר צונויפגערופן 70 מענטשן, פון דער אָנפירערשאַפט פון געטאָ, כדי זיך צו באַראַטן, וואָס צו טון. מיר האָבן געזאָגט: געווער האָבן מיר טאַקע נישט, אויסער צוויי רעוואָלווערן, און אויך די יידישע פּאָליציי, וועלכע פירט אויס די דייטשע אַרבעט, איז באַוואָפנט נאָר מיט שטעקעלעך. האָבן אָבער די פאַרזאַמלטע געטענה׳ט, אַז די דייטשן האָבן צוגעזאָגט, אַז נאָר די, וואָס אַרבעטן נישט ביי זיי, וועלן ווערן אַרויסגעשיקט, ד. ה. 50—70 טויזנט יידן. און אויב מיר וועלן זיך קעגנשטעלן — וועלן מיר ברענגען אַן אומגליק. „איר נעמט אויף זיך די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר מיליאָנען לעבנס; די געשיכטע פון אונזער פאָלק וועט אייך נישט מוחל זיין“ — אַזוי האָבן געטענה׳ט צו אונז די

דריי וואָכן האָבן זיך געצויגן די דיסקוסיעס, ביז מיר האָבן אויפגעשטעלט די „יידישע קאמפס־אָרגאַניזאַציע". מיר האָבן אַרויסגעשיקט פאַרמיטלער אויף דער אַרישער זייט צו קויפן געווער, שאפן פאַרבינדונגען און אַרויסצונעמען די יוגנט אין די וועלדער. נישט סתם אַ קאַמף קעגן דעם פיינט האָבן מיר געפאָדערט, נאָר אַ קאַמף פון יידן פאַר יידן און מיט יידן.

אויף אונזער ווענדונג צו אַלע פאַרטייען אויף דער אַרישער זייט, האָבן מיר באַקומען אַ נעגאַטיוון ענטפער. די לינקע פון זיי האָבן נישט געהאַט קיין געווער, די רעכטע האָבן אָפּגעזאָגט, כאָטש זיי האָבן יאָ געהאַט געווער.

## יש דין ויש דיין!

אין יענער תקופה האָבן מיר אָנגעהויבן פאַרברענען דאָס יידישע פאַרמעגן, וואָס איז געבליבן אין די דירות פון די אַרויסגעטריבענע יידן, כדי ס'זאָל נישט אַריינפאַלן אין די דייטשע הענט. מיר האָבן צוּוויסן געגעבן, דורך פראָקלאַמאַציעס, אַז די שרפות זענען אונזער אַרבעט. אָבער די יידן האָבן נישט געגלויבט, פלעגן אָנפאַלן אויף די אַפּישן־קלעפּערס, אַראָפּרייסן די אַפּישן פון די ווענט. מיר האָבן באַשלאָסן צו טון עפּעס אַ טאַט, וואָס זאָל ווייזן, אַז מיר עקזיסטירן, זאָל רייניקן די אַטמאָספער און ווייזן, אַז עס גייט אַ שטראָף פאַר אכזריות. מיר האָבן באַשלאָסן צו דערמאָרדן יוסף שאַרינסקי'ן, דעם קאָמענדאַנט פון דער יידישער פּאָליציי, אַ געשמדטער ייד, געוועזענער אָפיציר פון דער פּוילישער אַרמיי, וועלכער האָט אויסגעפירט די ערשטע אַקציע.

ס'האָט זיך איינגעגעבן אונזערן אַ חבר — ישראל קאַנער—נאָר צו פאַרוונדן שאַרינסקין און אַנטלויפן, ווייל דער רעוואָלווער—איינער פון די צוויי, וואָס מיר האָבן געהאַט—האָט זיך פערהאַקט נאָך דעם ערשטן שאָס. וועגן דעם דאָזיקן טאַט האָבן מיר געמאָלדן אין אַ ספּעציעלער פּראָקלאַמאַציע—די יידן האָבן אָבער אונז נישט געגלויבט. געמיינט אַז דאָס האָבן די פּאָלאַקן געטון.

## אַ פאָלק גייט צו דער שחיטה

מיר האָבן געוווסט, אַז ס'דערנענטערט זיך דער טאָג פון דער „אַקציע" און מיר האָבן אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן, ווי אַזוי אויפצונעמען דעם פיינט. מיט אומבאַשרייבלעכע מי האָט זיך אונז איינגעגעבן אַריבערצופירן פון דער אַרישער זייט פינף רעוואָלווערן און פינף גראַנאַטן. אָבער דאָס קליינע ביסל געווער איז דורך אַ צופאַל אַריינגעפאַלן צו די דייטשן, און ווען ס'איז אויסגעבראָכן די „אַקציע"—זענען מיר געווען מאַכטלאָז.

אין דער ערשטער תקופה האָבן זיך פאַרנומען מיטן כאַפּן די יידן — נאָר די יידישע פּאָליציי. זיי האָבן זיך אַרומגעדרייט אויף די גאַסן מיט גרויסע וועגענער, געכאַפּט מענטשן, אַרויסגעפירט פון הייזער פרויען, קינדער — און געשטופּט זיי אין די וועגענער. די לופט איז געוואָרן אָנגעפילט מיט געשרייען פון די קינדער וואָס ווערן אָפּגעריסן פון זייערע מוטערס, מיט געשרייען פון די אַלטע, וועלכע ווערן געשלעפּט, געשלאָגן, ווייסן נישט וווּהין מ'שלעפּט זיי.

פילן אָבער, אַז דאָס איז זייער לעצטער וועג. יעדן אָוונט, ווען די „אַקציע" האָט אויפגעהערט, פלעגן אַרויסקריכן מענטשן פון די לעכער, אָבער זייער צאָל איז קלענער געוואָרן פון טאָג צו טאָג.

די יידישע פּאָליציי האָט כמעט ביז דער לעצטער מינוט געהאָפט, אַז דורך טריישאפט צו די דייטשן, וועט זי ראַטעווען זיך און די פאַמיליעס, מ'האָט עס זיי אויך צוגעזאָגט, אָבער יעדער מאָל, פלעגט מען זיי זאָגן: אַ יידישער פּאָליציסט קען ראַטעווען נאָר די פרוי און קינדער—אָבער נישט די עלטערן—און ער פלעגט אַליין אַוועקפירן זיינע עלטערן. און אַט אַזוי האָט ער דער־נאָך אויך אַוועקגעפירט זיינע קינדער און זיין פרוי... — מ'דאַרף קענען די דייטשע כיטרעקייט, די וויסנשאַפט פון פאַרניכטונג וואָס זיי האָבן אַנטוויקלט, די צעשפּליטערונג, וואָס זיי האָבן אַריינגעברענגט אין יידישן צבור, כדי צו פאַרשטיין, ווי אַזוי אַ גאַנץ פאָלק איז געגאַנגען צו דער שחיטה.

## דער ווילן צו שטאַרבן — די פליכט צו לעבן

ווען די „אַקציע" האָט זיך פאַרענדיקט, און פון טויזנטער חברים זענען מיר געבליבן הונדערטער, האָבן מיר זיך פאַרזאַמלט אין אַ געוויסן טאָג. מיר האָבן זיך געשעמט קוקן איינעם אויפן אַנדערן. מיר האָבן אַפילו גע־ווּסט, אַז דאָס איז נישט די שולד פון דער יידישער יוגנט, און דאָך: צענד־ליקער טויזנטער יידן זענען אַוועק צו דער שחיטה—און מיר לעבן! מיר האָבן זיך געשעמט מיט אונזער לעבן.

אויף דער דאָזיקער פאַרזאַמלונג איז די אַלגעמיינע מיינונג געווען, אַז עס לוינט שוין נישט פאַרצווייפלען, דאָס לעבן האָט קיין צוועק נישט, מ'דאַרף באַגיין אַ טאַט פון קאָלעקטיוון זעלבסמאָרד. אָבער איין חבר איז אויפגעשטאַנען און געזאָגט: „מיר זענען נישט קיין פריוואַטע מענטשן, און די פראַגע איז נישט, ווי וועט יעדער איינער מאַכן אַ שיינעם, בכבודיקן סוף מיט זיין לעבן. מיר מוזן זיך גרייטן צו אַזאַ טאַט, וועלכער זאָל ראַטעווען דעם כבוד פון די איבערגעבליבענע..."

עס איז צונישט געוואָרן דער פּלאַן פון קאָלעקטיוון זעלבסטמאָרד. ווען נישט דער דאָזיקער חבר, וואָלט אפשר נישט געווען ווער ס'זאָל אויפהויבן דעם יאַנואַר און אפּריל־אויפשטאַנד.

## מיר האָבן געלערנט

פון דער ערשטער „אַקציע" האָבן מיר געלערנט, אַז מ'דאַרף זיך נישט שטיצן אויף אַנדערע, אַז מ'דאַרף קודם־כל זיך שטיצן אויף זיך זעלבסט, אויף די יונגע, די גרייטע. אָבער גלייכצייטיק האבן מיר געמאַכט קאָלאָסאַלע אָנשטרענגונגען, צו פאַרברייטערן די ראַם, צו מאַכן דעם ענין פון ווידער־שטאַנד, פאַר אַן אַלגעמיינעם יידישן ענין. מיר האָבן באַנייט די אָנשטרענ־גונגען, זיך צו פאַרבינדן מיט די אונז נאָענטע פאַרטייען, און אַזוי, האָבן מיר אויפגעשטעלט דעם „יידישן נאַציאָנאַלן קאָמיטעט", מיטן אָנטייל פון די פאַר־טייען. די „אָפּרו"־תקופה וועלכע איז אונז געגעבן געוואָרן, האָבן מיר אויסגענוצט, כדי זיך צוצוגרייטן. מיר האָבן אָנגעהויבן פּראָדוצירן אייגן גע־ווער, פאַרשטאַרקט דאָס קויפן געווער, געשיקט מענטשן אויף דער אַרישער

זייט צוליב פאַרבינדונגען, מיר האָבן פאַרמערט די „אַקציעס" פון אַנטוואָפּנען פּוילישע און דייטשישע פּאָליציי אין געטאָ און אויסער אים.

אַזוי זענען מיר אַריין אין דער „אַקציע" פון יאַנואַר, ווען מיר האָבן שוין פאַרמאָגט עטלעכע צענדליק רעוואָלווערן און האַנט־גראַנאַטן.

## געהרג'עט דייטשן — און געבליבן לעבן

פאַרן אַפּריל־אויפשטאַנד איז אויסגעבראָכן דער יאַנואַר־אויפשטאַנד, וועגן וועלכן מ'ווייסט ווייניק. ער איז אָבער געווען זייער וויכטיק, כאָטש זיין פאַרנעם איז געווען א באַגרענעצטער. דאָס איז געווען ס'ערשטע מאָל, ווען די דייטשן האָבן זיך באַגעגנט מיט א באַוואָפנטן ווידערשטאַנד, אויף וועלכן זיי האָבן זיך בכלל נישט געריכט. און כדי צו פאַרמיידן זייערע אייגענע קרבנות אין געטאָ, האָבן זיי אָפּגעשטעלט די אויסזידלונג.

אין יאַנואַר־אויפשטאַנד זענען געווען טעטיק צוויי באַוואָפנטע גרופּן: פון „דרור" און „השומר־הצעיר". יעדע גרופּע האָט געהאַט איר אייגענעם פּלאַן. די גרופּע פון „השומר־הצעיר" האָט זיך אַריינגעגאָסן אין דער יידישער מאַסע און ווען זי האָט איינמאָל דערגרייכט א גאַס, ווו ס'איז געווען קאָנצענטרירט מיליטער, האָט זי אָנגעהויבן שיסן. די דייטשן האָבן זיך דאַן צעטומלט, אָבער נאָכדעם, ווי זיי האָבן באַקומען א פאַרשטאַרקונג, זענען אַלע אָנפאַלער אומגעקומען, חוץ צוויי: מרדכי אנילעוויטש און א מיידל. מרדכי האָט זיך געראַטעוועט דורכדעם, וואָס ער האָט אַרויסגעכאַפּט פון א דייטש א ביקס, זיך פאַרטיידיקט און אַנטלאָפן אין א בונקער.

די גרופּע פון „דרור" האָט געאַרבעט לויטן סיסטעם פון שיסן פון די הייזער, שיסן אין די דייטשן. וועלכע זענען אַריינגעגאַנגען אין די הייזער אַרויסצוטרייבן די יידן אויף די גאַסן, ווייל די יידן, אין יאַנואַר־חודש, פלעגן שוין אַליין נישט וועלן גיין אויפן הויפּט־פּלאַץ. לויט דעם סיסטעם פון קאַמף, האָבן מיר דערהרגעט צענטליקער דייטשן — מיט קליינע פאַרלוסטן פון אונזער זייט. די גרופּע אונזערע פון „דרור" האָט דאַן געציילט 40 מענטשן און האָט פאַרמאָגט אינגאַנצן 4 רעוואָלווערן און זעקס גראַנאַטן. מיר האָבן געהרג'עט דייטשן, צוגענומען ביי זיי דאָס געווער, און דורך דעכער, בוידעמער איבערגעלאָפן אויף אַן אַנדער גאַס. מיט אונז איז דאַן אויך געווען יצחק קאַצענעלסאָן. אָט אַזוי האָבן מיר געהרגעט דייטשן, אָנגעוואָרפן אויף זיי אַ שרעק, און זיי האָבן אָפּגעשטעלט די אויסזידלונג.

## די קעמפער זענען דערהויבן געוואָרן

אויף דער ענדערונג אין דער באַציִונג פון דעם יידישן צבור צו די קעמפער, זאָגט עדות פאָלגנדער פאַקט: נאָך באַוואָפנטע צוזאַמענשטויסן מיט דייטשן, זענען מיר איינמאָל אָפּטרעטנדיק, אַריין אין אַ בונקער פול מיט יידן, זיי האָבן אונדז אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס. אַ רבי, וואָס איז געווען אין בונקער צוזאַמען מיט די יידן, האָט זיך אויפגעשטעלט און אונדז באַגריסט מיט די ווערטער: „זייט געבענטשט, ווייל איר האָט געוואַגט! אויב מיר קענען נישט טאָן דאָס וואָס איר. וועלן מיר יעצט קענען שטאַרבן מיטן געפיל, אַז איר האָט געראַטעוועט אונדזער כבוד..."

נאָך יאָרן פון שווערן קאַמף מיט דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט, האָבן מיר סוף כל סוף זוכה געווען, אַז מ׳זאָל אָפּשאַצן אונדזער גראַנגל. די קעמפער זיינען דערהויבן געוואָרן, סיי ביי יידן, סיי ביי פּאָליאַקן. ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן וועגן אונדז לעגענדעס אין גאַנץ פּוילן.

פונם יאַנואַר־אויפשטאַנד האָבן מיר פיל געלערנט. מיר האָבן אויסגעבעסערט די אָרגאַניזאַציע, פאַרפולקאָמט די פּלענער, אויפגעשטעלט אַ פאַרבינדונג צווישן די קעמפנדיקע גרופּן.

נאָך דעם יאַנואַר־אויפשטאַנד, האָבן מיר באַקומען פון די פּוילישע פאַרטייען דעם ערשטן גרויסן טראַנספּאָרט פון געווער. ער איז אויך געווען דער לעצטער. 60 רעוואָלווערן און 60 גראַנאַטן. דאָס איז געווען די איינציקע הילף מצד דער רעכטער פּוילישער אונטערערדישער באַוועגונג. די לינקע אונטערערדישע באַוועגונג האָט אַפילו געוואָלט העלפן, זי האָט אָבער נישט געהאַט מיט וואָס.

אין יענער תקופה האָט מען געקענט קויפן געווער פאַר געלט. אויפן אָרט פון האַנדל מיט שפּייז, האָט אָנגעהויבן פאַרנעמען דער האַנדל מיט געווער. יידן האָבן געקויפט געווער און אַריבערגעפירט אין געטאָ, האָבן אויפגעשטעלט בונקערס און זיך געגרייט צו פאַרטיידיקונג. אונדזער צוגרייטונגס־אַרבעט איז דאַן אויך געווען פאַרבונדן, מיט רייניקן די יידישע געזעלשאַפטלעכע אַטמאָספער. די דייטשן האָבן געהאַט אַ סך אַגענטן צווישן די יידן. דורכן ליקווידירן עטלעכע פון די וויכטיקסטע אַגענטן, האָבן מיר אָנגעוואָרפן אַ שרעק אויף די איבעריקע. און זיי האָבן פאַרלאָזט דעם געטאָ.

מיר האָבן זיך דאַן געניטיקט אין מיליאָנען זלאָטעס. אין געטאָ איז געווען אַן אָפיציעלע דייטשע באַנק. מיט דער הילף פון געווער, האָבן מיר אַרויסגענומען פון דאָרט דאָס גאַנצע געלט. מיר האָבן אויך צוגענומען דאָס געלט פון דער קהלה — הונדערטער טויזנטער זלאָטעס. אין אָנהויב האָבן די געלט־איינגנטימער געפּרווט זיך ווענדן צו די דייטשן נאָך הילף, און אַז דאָס האָט זיך נישט איינגעגעבן, האָבן זיי מער נישט געוואַגט זיך קעגנצושטעלן. מיר האָבן דערנאָך אַרויפגעלייגט שטייערן אויף יידן וואָס זענען רייך געוואָרן פון גנבות אין די מאַגאַזינען, אָדער פון שוואַרצן האַנדל מיט די דייטשן. אַפילו דאַן, ווען אַלע האָבן שוין געוווּסט, אַז דאָס איז די לעצטע תקופה פון לעבן האָבן זיך נאָך געפונען יידן, וועלכע זענען געווען גרייט צו שטאַרבן — און נישט אַוועקגעבן זייער געלט. דעריבער זענען מיר געווען געצוווּנגען צו אַרעסטירן מענטשן און דערנאָך באַפרייען זיי פאַר אויסלייז־געלט. מיר זענען אויך אָפּטמאָל געווען געצוווּנגען צו נעמען ברויט מיט קראַפט. אָבער, צום סוף, האָבן אונדז אַלע יידישע בעקערייען געגעבן דעם קוואַנטום, וואָס מיר האָבן געפאָדערט.

אין יענער צייט זענען מיר געווען די פאַקטישע הערשער אין געטאָ — און נישט דער יודענראַט, וואָס פלעגט נאָר אויספילן די באַפעלן פון די דייטשן. די יידן האָבן אונדז גוט געקענט — „די חלוצים" — און האָבן געוווּסט, אַז ווער ס׳דרייט זיך אַרום אין געטאָ, האַלטנדיק די רעכטע האַנט אין קעשענע, איז אַ חבר פון דער „קעמפנדער אָרגאַניזאַציע".

## אַלטע — אין באַהעלטענישן, יונגע — צום געווער

אויך צום אַפּריל אויפשטאַנד האָבן מיר געהאַט ווייניק געווער. רעוואָל־ווערן האָבן מיר געהאַט געננג — אָבער מיט זיי האָבן מיר זיך כמעט נישט באַנוצט. מיר האָבן געהאַט גראַנאַטן פון אייגענער אויסאַרבעטונג, זעקס ביקסן, און אַ גרויסן קוואַנטום אויפרייס־מאַטעריאַל.

נעבן די פינף אַריינגאַנג־טויערן פון געטאָ, האָבן מיר אַוועקגעלייגט עלעק־טרישע מינעס. אויך אין די הויפּט גאַסן, וווּ די דייטשן זענען געווען געצוווּנ־גען זיך צונויפצושפּאַרן אין געדיכטע מאַסן—האָבן מיר אַוועקגעלייגט אַזעלכע מינעס. מיר האָבן באַשלאָסן, אויך אין דעם אויפשטאַנד, זיך צו ריכטן לויטן סיסטעם פון קעמפן פון די הייזער. אין יעדער גאַס האָבן מיר געהאַט צוויי גרופּן, גרייטע צום אָנגרייפן אויף די דייטשן פון ביידע זייטן. אונדזער שאַנס איז געווען אויך אין דעם, וואָס מיר זענען געווען אין דער הויך — אויף די הייזער.

דעם 18־טן אַפּריל, 2 אַזייגער ביינאַכט, איז געקומען אַ לויפער און אונז מיטגעטיילט, אַז מאָרגן פרי וועלן אַריין די דייטשן, כדי אויסצופירן די אנט־גילטיקע ליקווידאַציע. פון דער דאָזיקער נייעס האָבן מיר אַלע אויפגעציטערט. מיר זענען גלייך דורכגעגאַנגען די גאַסן פון געטאָ און אַרויסגעגעבן די פאַר־אָרדנונג: אַלע אַלטע און קינדער — אין די באַהעלטענישן, די גאַנצע יוגנט צום קאַמף!

פיל האָבן זיך אָפּגערופן אויף אונזער רוף. אויב אין יאַנואַר־אויפשטאַנד האָבן געקעמפט בלויז די חלוצישע גרופּן, האָבן זיך אין אַפּריל־אויפשטאַנד באַטייליקט אַלע יידישע קערפּערשאַפטן. און וואָלטן מיר געהאַט גענוג גע־ווער — וואָלטן געשטאַנען קעגן דעם פיינט נישט 500 יידישע קעמפער, נאָר צען טויזנט.

דעם 19־טן אַפּריל האָט דאָס דייטשע מיליטער אָנגעהויבן שטראָמען אין די טויזנטער צום געטאָ, באַוואָפנט מיט אויטאָמאַטן, מאַשינגעווער און אַפילו מיט שווערער אַרטילעריע. קעגן זיי זענען מיר געשטאַנען, 500 יידישע קעמ־פער מיט גראַנאַטן, רעוואָלווערן, אויפרייס־מאַטעריאַל. דאָסמאָל האָבן די דאָזיקע טויזנטער נישט אָנגעוואָרפן אויף אונז קיין שרעק. ווען די מינעס האָבן אויפגעריסן, זענען הונדערטער דייטשן געפאַלן און די איבעריקע האָבן אָפּגעצויגן. זיי האָבן באַקומען פאַרשטאַרקונג און ווידער אַריין אין געטאָ. דאַן האָבן מיר זיי אויפגענומען מיט גראַנאַטן, וואָס האָבן אויפגעהויבן אַ גרויסן טומל. די דייטשן האָבן שפּעטער געשריבן אין די צייטונגען, אַז די יידן באַ־זיצן אַ נייע „אומבאַוווּסט" געווער. די גראַנאַטן האָבן געמאַכט אַ גרויסן חורבן צווישן די דייטשן, און זיי האָבן דעם ערשטן טאָג אָפּגעצויגן.

אויף מאָרגן זענען זיי ווידער געקומען, אָבער שוין נישט אין געאָרדנטע גרעסערע גרופּן, נאָר האָבן זיך אַריינגעשאַרט איינצלנע — און אונזער קאַמף איז געוואָרן פיל שווערער. חוץ דעם האָבן זיי מיט צינד־באָמבעס אונטער־געצונדן די הייזער, באָמבאַרדירט דעם געטאָ. אונזערע פּאָזיציעס זענען צו־שטערט געוואָרן, אויך פון די בונקערס האָט מען געמוזט אַרויסגיין, אָבער די

דיימשן זענען געווען געצווונגען אַריינצוניין אין יעדן הויז, און אין יעדן הויז האָבן מיר געקעמפט קעגן זיי.

דער פּראָגם האָט אָנגעהאַלטן וואָכן און אונזער לאַגע איז געוואָרן וואָס ווייטער אַלץ ערגער. מיר האָבן נישט געהאַט קיין עסן, קיין אָפּרו — און צום סוף — זענען ביי אונז אויך די קוילן אויסגעגאַנגען. נאָך פיר וואָכן קאַמף איז ביי יעדן איינעם געבליבן נישט מער, ווי 4 קוילן און אַ קליינע צאָל גראַנאַטן.

## קרבנות פון צוריקציען זיך

מיר האָבן נישט געהאַט קיין פּלאַן פון צוריקציען זיך. מיר האָבן נישט צוגעגרייט קיין מקום מקלט אויף דער אַרישער זייט. נאָך 4 וואָכן קאַמף, זענען אַ גרויסע צאָל קעמפער געבליבן ביים לעבן, אָבער אָן געווער. מיר האָבן דאַן אָנגעהויבן זוכן מעגליכקייטן פון אָפּציען און דאַן איז געפאַלן דער גרעסטער טייל פון די קעמפנדיקע גרופּן.

דער צענטער פון די קעמפער איז געווען אויף מילע 18. דאָרט זענען געווען 120 מענטשן, מיט זיי מרדכי אַנילעוויטש. איך אַליין בין אַרויס מיט אַ קליינער גרופּע זוכן אַן אָרט צום אָפּציען. ווען איך בין אויף מאָרגן צוריק־געקומען האָב איך דאָס אָרט נישט דערקענט. עטליכע פּליטים פון בונקער האָבן אונז דערציילט, אַז די דייטשן האָבן אַנטדעקט די קעמפער. אונזערע מענטשן האָבן געהיט דעם אַריינגאַנג און געשאָסן אויף יעדן דייטש, וואָס האָט זיך דערנענטערט. אָבער די דייטשן האָבן אַריינגעלאָזן גאַז אין בונקער. דער גרעסטער טייל איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד, און נאָר אַ קליינע גרופּע האָט זיך געראַטעוועט.

נאָך דעם דאָזיקן אומגליק זענען מיר געבליבן 60 מענטשן. אייניקע גרופּן האָבן זיך געפּרוווט דורכרייסן דורכן געטאָ־טויער מיט געווער אין האַנט, אָבער אַלע, הוץ איינצלנע, זענען געפאַלן אויף די גאַסן פון דער אַרישער וואַרשע, אין באַוואָפנטע צוזאַמענשטויסן מיט דעם דייטשן מיליטער, וואָס האָט פאַרפּולט די שטאָט. די וואָס האָבן געוואָלט זיך דורכרייסן אין די וועלדער, זענען אויך געווען געצווונגען דורכגיין כמעט די גאַנצע שטאָט און דער פיינט האָט געלויערט אויף יעדן שריט און טריט.

די צווייטע סיסטעם פון אָפּציען — איז געווען דורך קאַנאַליזאַציע־רערן. ווען מיר זענען אַרויסגעקומען פון זיי, האָט אונז געדראָט אַ זיכערער טויט, ווען ס'וואָלטן אונז נישט אָפּגעוואַרט אונזערע חברים מיט אַרישע פּנימער, וועלכע האָבן מיט געווער אין האַנט, געהיט דעם אַרויסגאַנג אויף דער גאַס, ווען מיר זענען אַרויס פון קאַנאַל. זיי האָבן איינגעהאַלטן דעם פאַרקער אַרום דער גאַס, און האָבן געבראַנגט אויטאָס אונז אַוועקצופירן. די אויטאָס זענען באַשטעלט געוואָרן אין אַ טראַנספּאָרט־אַמט, צום אַריבערפירן געפּעק. אונזערע חברים האָבן מיט רעוואָלווערן אין די הענט געמאָלדן די שאָפערן: „די סחורה — דאָס איז לעבעדיקע מענטשן. ביי אייך ליגט די ברירה: געטויט ווערן, אָדער ברענגען די מענטשן אויפן באַשטימטן אָרט און באַקומען אייער לוין". מיר האָבן זיך אויסגעלייגט אין אויטאָ און זענען דורכגעפאָרן די גאַנצע שטאָט, ביז מיר זענען אָנגעקומען אין די וועלדער.

אַזוי האָט זיך פאַרענדיקט דאָס קאַפּיטל פון לעצטן אויפשטאַנד פון וואַרשעווער געטאָ. אויך אין אַנדערע שטעט זענען געמאַכט געוואָרן פּאָבערייי־טונגען צו אַ באַוואָפנטן ווידערשטאַנד, אָבער נישט אומעטום האָט עס דער־גרייכט צו טאָטן.

עטליכע צענדליק פון אונזערע חברים, וועלכע האָבן זיך צוריקגעקערט קיין וואַרשע, האָבן זיך דערנאָך באַטייליקט אין פּוילישן אויפשטאַנד פון באָר־קאָמאַראָווסקי. אַ גרויסער טייל פון זיי איז געפאַלן אינם אויפשטאַנד.

מיר האָבן אַרויסגעגעבן אַן אויפרוף צו די וואַרשעווער יידן, און פיל יידן, פון דער אַרישער זייט, האָבן אָנטיילגענומען אין דעם אויפשטאַנד. מיר — צוויי און צוואַנציק איבערגעבליבענע קעמפער, זענען דערשינען, ווי אַ גרופּע פון דער „יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע", אין די רייען פון דער „אַ. ל.". — דער לינקער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע. מ'האָט אונז אויפגענומען מיט באַגייס־טערונג, געוואָלט אונז איינאָרדענען—די לעצטע יידישע קעמפער — אין נישט קיין געפערלעכע ערטער, זאָגנדיק, אַז מ'דאַרף אונז אפּהיטן, מיר זאָלן נישט אומקומען אין זייער אויפשטאַנד, ווייל אונזער פליכט איז צו בלייבן לעבן און דערציילן. מיר האָבן אָבער נישט מסכים געווען, נאָר מיטגעקעמפט די גאַנצע צייט פון פּוילישן אויפשטאַנד.

אין לעצטן טאָג פון אויפשטאַנד, האָבן די רוסן פאַרגעשלאָגן די אויפ־שטענדלער אַריבערצוגיין אויף זייער זייט, אָבער די „אַ. ק." — די רעכטע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע—האָט נישט מסכים געווען און האָט, אָרגאַניזירטערהייט, מיטן געווער אין האַנט, זיך איבערגעגעבן די דייטשן, ווי קריגס־געפאַנגענע. דער לינקער טייל פון די פּוילישע אויפשטענדלער האָט זיך פאַנאַנדערגע־שפּריים צווישן דער פּוילישער ציווילער באַפעלקערונג.

אונזער גרופּע, פון וועלכער אַ טייל איז דערהרגעט געוואָרן און אַ טייל פאַרווונדעט, האָט נישט געקענט אויסוויילן קיין איינע פון די צוויי וועגן און מיר האָבן זיך אַרומגעדרייט אַן ערך זעקס וואָכן אין די וואַרשעווער גאַסן, נידערגעשלאָגענע, הונגעריקע. אַלע פּאַליאַקן זענען עוואַקואירט געוואָרן פון וואַרשע, און די דייטשן האָבן פאַרפעסטיקט די שטאָט אלס אַ פראָנט־ליניע קעגן די רוסן. אונזער לאַגע איז דאַן געוואָרן זייער פאַרצווייפלט. צו אונזער גליק האָבן אונזערע חברים, וואָס האָבן זיך געפונען אויסער וואַרשע, זיך דערוווּסט וועגן אונזער לאַגע. האָבן זיי אָרגאַניזירט אַן אָפּטיילונג פון רויטן קרייץ, וועלכע איז אַריין אין דער שטאָט מיט'ן אויסרייד, אַז ס'זענען פאַראַן טיפוס־קראַנקע, וואָס מ'מוז אַרויסנעמען פון דער שטאָט, ווייל זיי קענען אָנ־שטעקן דאָס מיליטער.

מיט טראָג־בערעטלעך האָט מען אונז אַרויסגעפירט פון דער שטאָט. די חברים מיט די יידישע פּנימער זענען געלעגן פאַרדעקטע, ווי טיפוס־קראַנקע, אויף די בעטלעך, און די חברים מיט אַרישע פּנימער האָבן זיי געטראָגן.

אָט אַזוי זענען געראַטעוועט געוואָרן די לעצטע פון אונזער יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע.

יצחק צוקערמאַן (אַנטעק)

(קאָמענדאַנט פון דער „יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע")

# צום פערטן יאָרטאָג פון אויפשטאַנד

קיין שום מענטשלעכע געזעלשאַפט האָט נאָך נישט דורכגעלעבט אין איר היסטאָרישער פאַרגאַנגענהייט אַזאַ בלוטיקע עפּאָכע, ווי עס האָט דורכגעלעבט דאָס פּוילישע יידנטום אין דער לעצטער מלחמה. קיין שום אונטערערדישע באַוועגונג, קיין שום ווידערשטאַנדס־באַוועגונג האָט נישט געטראָגן אין זיך אַזאַ אידיי, וועלכע עס האָבן געטראָגן די קאַמפּס־אָרגאַניזאַציעס אין די פּוילישע געטאָס.

געקומען צום געדאַנק וועגן שאַפן די קאַמפּס־אָרגאַניזאַציעס איז מען נאָך לאַנגע געזעלשאַפטלעכע חלוקי־דעות, ווייל עס האָט זיך נישט געזען קיין קאַמף, וואָס זאָל האָבן שאַנסן זיך צו ענדיקן מיט אַ זיג, — נאָר אַ קאַמף וועגן אַ בכבודיקן טויט. אַ זיג פון באַזיגטע. עס זענען געווען מענטשן פון פאָלק, אַרבעטער, חלוצים, וואָס, דערהויבענע דורך די שענסטע טראַדיציעס פון נאַציאָנאַלער און אַלגעמיינער מענטשלעכער באַפרייונג, האָבן געקוקט אין דער געפלדיקער צוקונפט. פון די שרעקלעכע ידיעות, וואָס ס'זענען אָנגעקומען אין די געטאָס, האָבן זיי זיך געלערנט דעם טראַגישן זין פון די צוקונפטיקע טעג. פרעמד איז זיי געוואָרן די שטעלונג, וואָס האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויפן גלויבן פון אַ טייל אַנדערע יידן, אַז צוליב נוצלעך מאַכן זיך דורך אַרבעט פאַרן דייטש, וועט מען אפשר קענען אויסבעטן דאָס לעבן. זיי האָבן ריכטיק אָפּגעשאַצט דעם ווערט פון „יודן־ראַט" און האָבן אים דערקלערט אַן אָפענעם קאַמף, קעגן מאַכן פון אונז אַן אַרבעטער־עלעמענט פאַר דער קריגס־אינדוסטריע; האָבן אַראָפּגעריסן אַלע אילוזיעס, וועלכע האָבן זיך אָנגעשפּאַרט אויף אַ פאַלשן גלויבן. האָט דאָס אָנגעהאַלטן אַזוי לאַנג, ביז דער געדאַנק וועגן קאַמף האָט געלאָזט וואָרצלען אין די ברייטע שיכטן פון דער יידישער געזעלשאַפט.

גאַנץ אייראָפּע איז געווען אין געפאַנגענשאַפט — דער דרום, דער צפון, דער מערב. אויפן מזרח האָט די העלדישע רויטע־אַרמיי געפלאָסן מיט בלוט. אַ געבונדענע, אַ צעבלוטיקטע וועלט.

דאָן האָט מען ביי אונז געזאָגט: די גאַנצע וועלט איז אונטער אַ דרוק, די גאַנצע מענטשהייט וועט שטיין צום קאַמף און מיר מיט איר. אַ קאַמף מוז האָבן

געהעריקע פּאָליטישע און מיליטערישע באַדינגונגען. דער אונטערגאנג זאַמלט די כוחות. „מיט דער ביקס ביי די פיס". מאָרגן וועלן מיר קעמפן. עס האָט זיך געהערט איין איינציק קול, וואָס האָט גערופן פון אונטערגרונט, גערופן צום קאַמף אין וואַלד, שטאָט, צו יעדער שעה, ביי אלע באַדינגונגען. זיי האָבן אויך פאַרשטאַנען, אַז אויב היינט גייט אונטער אין בלוט דאָס יידישע ווילנע, אויב כעלמנאָ איז אַ פאַקט, וועט מאָרגן קומען לובלין און איבערמאָרגן וועט שוין זיין צו שפּעט. עס זענען זיך צונויפגעקומען אלע, וועלכע האָבן זיך געריסן צום באַלדיקן קאַמף, נישט צו פאַרשפּעטיקן דעם בכבודיקן מענטשלעכן טויט.

מען האט דאַן געזאָגט, אַז מ'דאַרף זיך שאַפן די בעסטע און זיכערסטע פּאזיציעס פאַר אַזאַ קאַמף, וועלכע זאָלן געבן די מעגלעכקייט פאַר א ברייטן און שטאַרקן אָנגריף אויפן פיינט, צעשטערן זיינע טראַנספּאָרטן און וועגן, זיינע מענטשן און באַזעס, כדי צו געבן די פּערספּעקטיוו אויפן זיג. צו אַזאַ פּאָזיציע נוצט דער וואַלד, דער פאַרטיזאַנער, וועלכער שטייט צוזאַמען מיט אלע קעמפער אין די וועלדער.

און אויף איר פּלאַץ איז געבליבן א גרופּע יוגנטלעכע, איינגעשפּאַרטע אין זייער ליכטיקער און דעצידירנדיקער שטעלונג — צו טאַט. מיר זענען געבוירן געוואָרן צווישן דעם יידישן פאָלק, מיט אים זענען מיר צוזאַמען געוואַקסן, באהעפט מיט דער יידישער מאַסע, פון וועלכער מיר קענען זיך נישט שיידן. מיר האָבן צוזאמען מיט איר איבערגעלעבט גרויסע טעג פון נאַציאָנאַלן ווידערגעבורט. היינט זענען מיר צוזאמען מיטן פאָלק הינטער די געטאָ־מויערן. מיר וועלן זיך נישט אָפּשיידן אין קאַמף, נישט לאָזן דאָס פאָלק אַליין אין זיין דעצידירנדיקער שעה. אמת, ס'איז נישטאָ קיין האָפנונג אויף קיין זיג, אויב דער זיג הייסט — דורך קאַמף ראַטעווען דאָס לעבן; די שוואַכע האָבן נישט אזא גרויסע קראַפט, דורכצוברעכן די געטאָ־מויערן, פאַרניכטן דעם אָקופּאַנטס אַרמיי — אָבער דער יידישער כבוד וועט זיין געראַטעוועט. אָט אַזוי איז געוואָרן געבוירן דער געדאַנק פון יידישן קאַמף פאַרן יידישן כבוד, אונטער דער יידישער פאָן. אַזוי האָבן זיך פאַרמערט די רייען, וועלכע האָבן פאַרווירקלעכט דעם קאַמף — די יידישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע.

דער קאַמף אין געטאָ — אַן איינזאַמער פראָנט, ווייט טויזנטער קילאָמעטערס פון אלע קאַמפּס־פעלדער. דער קאַמף אין געטאָ — ביז די פאַרשמאַכטע וועלט האָט זיך געשטעלט געבן דעם לעצטן שלאָג.

דער זיג, איינציק אין זיין מין, אין די געפערלעכסטע מפלה־טעג, ווען נאָך סטאַלינגראַד האָט געמאַכט א ווענדונג אין קריג; א זיג פון יידישע קעמפער — איידער דער פיינט איז געפאַלן אויף אנדערע פראָנטן.

אָט אַזוי זענען געבוירן געוואָרן די אויפשטאנדן אין וואַרשע, ביאַליסטאָק, טשענסטאָכאָוו און בענדין.

די יידישע מלחמה!

אויפן גרונט פון אלגעמיין־מענטשלעכן קאַמף — אַן איינגאַרטיקער זיג. צווישן צענדליקער פלאַטערנדיקע פרייהייטס־פאָנען — אַן אָפּגעזונדערטע פאָן.

כאַפּט א בליק אויף די גרוזעס פון וואַרשעווער געטאָ און איר וועט פאַרשטיין זייער שפּראַך.

לייזער לעווין

# אין די טעג פון אויפשטאַנד

## דער ערשטער אויפשטאַנד

דעם 19־טן אפריל 1943, ערב פסח, האָט זיך אָנגעהויבן דאָס לעצטע קאַפּיטל. דאָס ביטערע שרעקלעך־גרויזאַמע ליקווידאַציע־קאַפּיטל פון וואַרשעווער יידנטום. וועגן דעם קאַפּיטל איז שוין דערציילט געוואָרן און עס וועט נאָך פיל דערציילט ווערן. אָבער דער באַוואָפנטער ווידערשטאַנד האָט זיך נית אָנגעהויבן דעם 19־טן אַפּריל. פאַר אים זענען געווען די געשעענישן פון יאַנואַר 1943. וועגן זיי ווייסט מען ביז איצט נאָך זייער ווייניק. אין זיי האט זיך דאָס ערשטע מאָל אַרויסגעוויזן די גרייטקייט און די דרייסטקייט זיך צו פאַרטיידיקן מיט געווער אין האַנט.

די אייגנאַרטיקייט פון יאַנואַר־אויפשטאַנד איז דאָס, וואָס ער איז אויפגעהויבן געוואָרן נאָר דורך דער חלוצישער באַוועגונג אליין, זיין פאַרנעם איז געווען אַן ענגער, אָבער ער האָט געדינט אַלס סיגנאַל און געהויבן די געמיטער.

עס זענען דאַן געווען נאָר צוויי באַוואָפנטע גרופּן: איינע פון דער „דרור־פרייהייט" באַוועגונג, אונטער דער אָנפירערשאַפט פון יצחק צוקערמאַן (אַנטעק) און צביה, און די צווייטע פון „השומר הצעיר", אין וועמענס שפּיץ עס איז געשטאַנען מרדכי אַנילעוויטש. יעדע איינע פון דיביידע גרופּעס האָט געפירט איר טעטיקייט באַזונדער, מען האָט נאָך דאַן נית געקענט רעדן וועגן אַן אויפשטאַנד־באַוועגונג. די קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע האָט זיך ערשט געהאַלטן ביים פאָרמירן. דאָס ביסל געווער, וואָס די יידן האָבן פאַרמאָגט, איז אויך פאַרטיילט געוואָרן צווישן די ביידע גרופּן. די גרופּע פון „דרור" האָט זיך אויפגעהאַלטן אין אַ הויז אויף זאַמענהאָף גאַס 54 און די גרופּע פון „השומר הצעיר" אויף דער מילאַ 4. צוליב זייער שוואַכקייט, קליינער צאָל און באַוואָפענונג, האָבן די ביידע גרופּן נית געוואַגט אָנצוהויבן קעמפן, נאָר זיי האָבן אויף זייערע פּאָזיציעס געוואַרט ביז די דייטשע גרופּן, וואָס האָבן זייערע „אַקציעס" קעגן די יידן דורכגעפירט, זאָלן זיך צו זיי דערנענטערן.

אין דער „דרור" גרופּע זענען געווען עטלעכע און צוואָנציק מאַן אונטער דער קאָמאַנדע פון יצחק צוקערמאַן, וואָס האָט זיך דאָ נית לאַנג צוריקגעקערט פון א באַוואָפנטער אַקציע קעגן די דייטשן אין קראָקע,—דאָס איז די ערשטע קאַמפּס־אַקציע פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע אין פּוילן — אין וועל־

בער עס איז זיי געלונגען צו פאַרניכטן ביי אַ פּוסטיק דייטשע סאָלדאַטן, דורך באַוואָרפן זיי מיט האַנט־גראַנאַטן, יצחק צוקערמאַן איז פאַרוואונדעט געוואָרן אין פוס, זיך קוים געראַטעוועט און דערגרייכט וואַרשע. מיט דער גרופּע איז אויך געווען דער דיכטער יצחק קאַצענעלסאָן. די חברים פון „דרור" האָבן אים געוואָלט באַהאַלטן אין איינעם פון די בונקערס, אָבער קאַצענעלסאָן האָט זיך אָפּגעזאָגט, און אין אַ קורצער צייט, פאַר דער קאַמפּסאַקציע, האָט דער דיכטער דערמוטיקט די קעמפער מיט אַ רעדע, אין וועלכער ער האָט געזאָגט: „איך בלייב מיט אייך; דאָס זענען די גליקלעכסטע מינוטן אין מיין לעבן".

דער ערשטער באַוואָפנטער צוזאַמענשטויס אין וואַרשע איז אויסגעפירט געוואָרן לויטן פריער־אויפגעשטעלטן פּלאַן: ווען עס האָט זיך אויפגעמאַכט די טיר פון צימער, אין וועלכן די גרופּע איז געזעסן, און אַ דייטשער סאָלדאַט, אַביסל איבעראַשט פון דער גרויסער צאָל יידישע יונגטלעכע, וואָס זיצן צוזאַמען, האָט מיט זיין קול אַ דונער געטאָן „יודען הינאַוס"!. האָט זיך קיינער פון זיין אָרט נישט גערירט, חוץ איינעם, וואָס האָט אויפגעהויבן צימערדיקע הענט און אַרויס הינטער דער טיר. און אין דער צייט ווען דער סאָלדאַט האָט געקוקט אויף די זיצנדיקע אין צימער, וואָס רירן זיך נישט פון די ערטער, האָט דער בחור וואָס איז אַרויס אַרויסגענומען אַ רעוואָלווער און אַריינגעשאָסן דעם נאַצי אין רוקן. יענער האָט אָנגעהויבן שרעקלעך צו שרייען: „מיין גאָט, יודען שיסען", און געפאַלן. דער צווייטער נאַצי, וואָס איז געשטאַנען אויף זיין וואַך, אויף די טרעפּ, האָט אָנגעהויבן לויפן. די חברים האָבן געוואָרפן אויף אים אַ האַנט־גראַנאַט, און ער איז אַ צעשמעטערטער געבליבן ליגן אויפן הויף. איינער פון דער גרופּע, וואָס האָט געוואָלט ראַטעווען די ביקס פונם דייטש, אַזאַ מוטיער פאַרמעגן, איז אַראָפּ אויפן הויף און דערהרגעט געוואָרן פון די נאַציישע קוילן. די איבעריקע חברים פון דער גרופּע האָבן באַשלאָסן גלייך צו פאַרלאָזן דאָס אָרט און זענען אַריבער, דורך דעם דאַך־בוידעם, אויף דער מוראַנאָווסקע גאַס. דאָס צוריקציען זיך איז געווען שווער און זייער ריזיקאַליש. אויפן וועג, צו זייער נייער פּאָזיציע, האָט זיך ווידער אַנטוויקלט אַ קאַמף צווישן זיי און באַוואָפנטע דייטשן.

בימערער איז געווען דער גורל פון דער „השומר הצעיר"־גרופּע, וואָס האָט אָנטייל גענומען אין דעם ערשטן אויפשטאַנד. אויך זיי האָבן זיך אָנגעשטויסן אויף אַ באַוואָפנטן דייטשן פּאַטרול, האָבן פאַרלאָזט די פּאָזיציע און אַראָפּ אונטן, און דאָרטן, ווערנדיק צעמישט אין די דייטשע רייען, אָנגעהויבן צו שיסן אין פיינט. אין דעם אויפגעפלאַקערטן קאַמף זענען געפאַלן אַלע חברים פון דער גרופּע, חוץ דעם קאָמענדאַנט, וואָס האָט זיך געראַטעוועט.

די ווידערשטאַנדס־דערשיינונגען האָבן געהאַט אַ קאָלאָסאַלע ווירקונג. אין יידישן לאַגער גופא האָט עס געשטאַרקט דעם גייסט. געדינט אַלס אָנזאָג־צייכן. די פאָן פון דעם יידישן קאַמף איז אויפגעהויבן געוואָרן. אויך די נאַציס זענען געווען איבעראַשט און דערשראָקן. און אַ סימן: צומאָרגנס, נאָך די אַ אַקציעס, האָט די עוואַקואַציע אויפגעהערט. און די וואַרשעווער יידן האָבן אָפּגעאָטעמט — ביז איר באַנייונג, אין אַפּריל־חודש, דעם זעלביקן יאָר.

# ע ר ב   פ ס ח

אין דעם לעצטן אוונט פאַר דער פסח־נאַכט, האָט זיך אָנגעהויבן די אַבסאָלוטע ליקווידאַציע פון דעם רעשטל יידן אין וואַרשע. איך קען גענוי נישט זאָגן, וויפיל יידן עס זיינען נאָך איבערגעבליבן אין שטאָט, אָבער איך מיין, אַז איך וועל קיין גרויסן טעות נישט האָבן, אויב איך וועל זייער צאָל אָפּשאַצן אויף 40 טויזנט.

די נאַציס האָבן געפּילט, אַפשר באַוווּסטזיניק פון דעם אויפשטאַנד אין יאַנואַר, אַז דאָס מאָל וועלן די יידן זיך נישט לאָזן פירן, ווי די שעפסן צו דער שחיטה, און אויב זיי וועלן זיך איצט קעגנשטעלן וועט עס זיין אַן אַנטשלאָסענער און פאַרצווייפלטער ווידערשטאַנד. זיי האָבן שוין געוווּסט פון דער עקזיסטענץ פון דער „קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע״ און אויך פון אירע פאָרבאַרייטונגען, צו ענטפערן מיט קאַמף. די „קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע״ האָט גאָרנישט געזוכט צו פאַרבאַרגן דעם פאַקט פון איר עקזיסטענץ און אירע צילן. די נאַציס האָבן אויך געוווּסט, אַז די יידן האָבן זיך אָנגעגרייט גוט־פאַרמאַסקירטע באַהעלטענישן. אייניקע פון זיי האָבן זיי אַנטדעקט, נאָך איידער די לעצטע „אַקציע״ האָט זיך אָנגעהויבן. די באַהעלטענישן, אָדער ווי מיר האָבן זיי גערופן די „בונקערס״, זענען געווען פאַרזאָרגט מיט וואַסער־ליישונג, ליכט און אַנדערע באַקוועמלעכקייטן. אויך שפּייז־שפּייכלערס זענען דאָרט געווען צוגעגרייט צו באַפרידיקן די נויטיקסטע באַדערפענישן אויף אַ לענגערע צייט. דעריבער האָבן די נאַציס אָנגענומען אַ טאַקטיק פון באַרויקונג דורך פאַלשע צוזאָגן — זייער אויסגעפּרוּווטער מיטל, זינט ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער פאַרניכטונגסצוג קעגן די יידן. זייערע צאָלרייכע אַגענטן האָבן אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן באַרויקנדיקע קלאַנגען און די דייטשע מאַכט האָט איבערגעגעבן דער יידישער פאָרשטייערשאַפט מעלדונגען מיט שיינע הבטחות. דער ציל פון די קלאַנגען און צוזאָגן איז געווען: אַרויסצונעמען די יידן פון וואַרשעווער תחום, זיי קאָנצענטרירן אין די פּראָווינץ־שטעט, און דאָרטן, אָן אַ ווידערשטאַנד, זיי צו פאַרניכטן. אויב ביז איצט איז די דייטשן געלונגען אָפּצונאַרן דעם טייל, וואָס האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן יעדער צוזאָג־שטרויעלע, ווי אָן אַ רעטונגסמאַסט און צוליב פאַרצווייפלונג זיך געמאַכט האָפנונגס־אילוזיעס, האָבן שוין איצט אַלע געזען דיווירקלעכקייט, ווי זי איז, האָבן שוין ריכטיק געוווּסט, וואָס עס דערוואַרט זיי.

ווען אַלע פּרוּוון פון די דייטשן, צו ליקווידירן דאָס רעשט יידן מיט אָפּנאַרערישע מעטאָדן, זענען דורכגעפאַלן, האָבן זיי אָנגעהויבן די ליקווידאַציע מיט קראַפט. אָבער דאָס מאָל האָבן זיי זיך געגרייט, ווי צום פראָנט. זייער פּלאַן איז געווען — צוערשט די ליקווידאַציע פון דער געטאָ־זאָנע, אין וועלכער עס האָבן געוווינט די באַאַמטע פון „יודן־ראַט״, די בערשטן־אַרבעטער און אויך אַ סאַך אַנדערע אַרבעטער, וואָס זענען געווען באַשעפטיקט אין די קליינע נאַצישע ווערקשטאַטן.

זיי האָבן געוואָלט איבעראַשן די איינוווינער פון דער זאָנע דורך אַ בליץ־אָנפאַל אין מיטן נאַכט. אָבער די פּאַטרולן פון דער „קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע״ זענען געשטאַנען אויף זייערע אָבסערוואַציע פּונקטן און גוט געקוקט אויף אַלע איינגענג פון געטאָ. אַ זייגער צוויי ביינאַכט האָט די ערשטע גרופּע פון דייטשן און אוקראַינער אָנגעהויבן אין דער שטיל אַריינצודרינגען אין געטאָ דורך קאַרמעליצקע גאַס. דער יידישער פּאַטרול האָט זיי באַגעגנט מיט

אַ רעגן קוילן, די פּיינטלעכע גרופּע האָט זיך גלייך פונאַנדערגעשפּרייט אין די זייטן און געפּרוווט איינציקווייז, נייענדיק נאָענט צו די ווענט פון די הייזער, אַריינצוגנבענען זיך אין געטאָ. אַלע גרופּן פון דער "קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע" וואָס זענען געווען באַשטימט אויף דער זאַגע זענען גלייך אַלאַרמירט געוואָרן, ווי נאָר די דייטשן האָבן געפּרוווט אַריינצודרינגען ערגעץ אין אַ הויז — זענען זיי גלייך אָנגעגריפן געוואָרן דורך די פענסטער און באַלקאָנען. דאָס איינציקע געווער אין די הענט פון אונדזערע קעמפענדיקע חברים איז געווען: רעוואָלווערן. ביקסן זיינען געווען נאָר 3 אָדער 4. צוליבן מאַנגל אין געווער איז יעדן קעמפער אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ באַפעל: „יעדע קויל — אַ דייטש! שיסן צו אַ זיכערן ציל!" אויב דאָס הויז, אין וועלכן די קעמפער האָבן זיך געפונען איז אַרומגערינגלט געוואָרן, פלעגן זיי, דורך די פון פריער צוגעגרייטע דורכגענג, אַריבערגיין צום נאָענטן הויז. נאָר איידער דער אויפשטאַנד האָט אויסגעבראָכן, האָבן די חברים פון דער „קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע" אונטערזוכט דעם גאַנצן שטח פון געטאָ און זיי האָבן כמעט אַלע הייזער פאַראייניקט דורכגענג. וואָס זענען מ'רוב געמאַכט געוואָרן אויף די בוידעמער. אַזוי אַרום פלעגט מען קענען פון איין זייט געטאָ צוקומען צו דער צווייטער, נישט זייענדיק געצוווּנגען צו פאַרלאָזן די הייזער און אַרויסצוגיין אויף דער גאַס.

אַ צווייטע גרופּע דייטשן, וואָס האָבן געפּרוווט אין מיטן טאָג אַריינצודרינגען אין געטאָ דורך דער סמאָטשע־גאַס, איז אָנגעגריפן געוואָרן מיט האַנט־גראַנאַטן פון אַ ליידיק הויז. דער גראַנאַטן־וואַרפער איז געווען צבי, אַ חבר פון „השומר הצעיר", וואָס איז נאָכדעם דערטרונקען געוואָרן אין בוג.

אין דריי ערטער זענען די געטאָ־אַריינגאַנגען געווען מינירט מיט עלעקטרישע מינעס פון אַ שרעקלעכן אויפרייס־קראַפט. צוליב אומבאַקאַנטע סיבות, האָט נאָר איין מינע — אויף דער שווענטאָ־יערסקע גאַס — אויפגעריסן. ביי אַ 300 דייטשן און אוקראַינער זענען צעשמעטערט געוואָרן דורכן שרעקלעכן אויפרייס. דאָס האָט געמאַכט אַ קאָלאָסאַלן רושם אויף דער דייטשער פירערשאַפט און אַ גרופּע העכערע אָפיצירן איז געשיקט געוואָרן באַטראַכטן די מינע.

די דייטשן האָבן דאַן אָנגענומען פאָרזיכטס־מיטלען ביים אַריינדרינגען אין געטאָ. זיי האָבן זיך אָנגעהויבן באַנוצן אויך מיט טאַנקן. די ערשטע צוויי זענען אַריין אין געטאָ דורך זאַמענהאָף גאַס, אָבער זיי זענען גלייך אַטאַקירט געוואָרן מיט „מאָלאָטאָוו פלעשער". די טאַנקן האָבן אָנגעהויבן צו ברענען, און די דייטשע סאָלדאַטן וואָס זענען דערשראָקענע אַרויסגעשפּרונגען פון זיי זענען געפאַלן פון די יידישע קעמפער.

די דייטשן האָבן שוין נישט געוואַגט צו שיקן טאַנקן אין געטאָ, האָבן אָבער אַוועקגעשטעלט אויף קראַשינסקים פּלאַץ אַרטילעריע, וועלכע האָט געשאָסן אויפן געטאָ, דורכבויערנדיק די געטאָ־מויערן.

מיר, וואָס זענען צו יענער צייט געזעסן אין דער זאַנע שולץ — און טאַבענס־ווערקשטאַטן, האָבן דעם גאַנצן טאָג, ערב פסח, און נאָך מער אין דער נאַכט פון ערשטן סדר, געהערט שיסערייען פון דער זייט פון געטאָ. אין מיין וווינונג, אויף לעשנאָ גאַס, זענען געווען פאַרזאַמלט אַ גרופּע אַקטיוויסטן, צווישן זיי דער דיכטער יצחק קאַצענעלסאָן. אַ צווייטע גרופּע איז

געווען אויף לעשנאָ 54, אין הויז פון ציוניסטישן טוער קירשענבוים. טיף דערשיטערט האָבן מיר זיך צוגעהערט צו די קלאַנגען, וואָס דערגיין צו אונז פון ווייטנס און מיט יעדן שאָס האָט אויפגעציטערט אונזער האַרץ. מיר האָבן געוווסט די שרעקלעכע טראַגעדיע, וואָס שפּילט זיך איצט אָפּ אויף יענער זייט פון אונזער קוואַרטאַל. מיר האָבן גוט געוווּסט וועלכע קאָלאָסאַלע אָנשטרענגונג ס'מאַכט איצט די יוגנט אונזערע.

אליעזר געלער, וואָס איז געשטאַנען אין שפּיץ פון די קעמפנדיקע אין שולץ־טעוועס קוואַרטאַל, האָט אויפגעהאַלטן אַ שטענדיקן קאָנטאַקט מיטן קאַמפּס־קוואַרטאַל און פלעגט פון צייט צו צייט געבן אויספירלעכע ידיעות וועגן דעם גאַנג פון די קאַמפּן. און די שולץ־טעבענס ביוראָען אויף לעשנאָ 54, איז געווען אַ טעלעפאָן און דורך אים האָבן מיר געהאַט דעם קאָנטאַקט מיט יצחק צוקערמאַן (אַנטעק), וואָס איז געשיקט געוואָרן אַלס פאָרשטייער פון די יידישע אויפשטאַנדס־גרופּן צו דער פּוילישער אונטערערדישער באַוועגונג.

די ערשטע קאַמפּס־טעג זענען געווען די בעסטע אין דעם אויפשטאַנדס־פּעריאָד. פון די יידן זענען נאָר זייניקע געפאַלן. דאַקעגן די פאַרלוסטן פון די דייטשן זענען געווען אין די הונדערטער. אונזערע חברים האָבן אַרויסגעוויזן אַ וואונדערלעכן קעמפערישן גייסט. צייטנווייז, פלעגן זיי זיך איבערטון אין דייטשע זשאַנדאַרם־אוניפאָרמען, איבערהויפּט אין די אָוונט־שעהן, פלעגן אַרויס אין די גאַסן און הרגענען דייטשן.

## האָפנונגס־פּייַען

דינסטיק, אַרום ניין אַזייגער אין אָוונט, ווען איך האָב זיך געגרייט צו זוכן אַ באַהעלטעניש פאַר זיך און פאַר דער פאַמיליע, איז געקומען צו מיר דער חבר שלום גראַיעק, אַן אַקטיוויסט פון אונזער באַוועגונג, און האָט מיר אָנגעזאָגט, אַז ער האָט געפירט אונטערהאַנדלונגען מיט אַ גרופּע יידישע קאָמוניסטן, וואָס האָבן אַן אונטערערדישן דורכגאַנג פון לעשנאָ 72 צו אַ בונקער אויף דער אַרישער זייט. זיי זענען מסכים צו דערלויבן אויך אַ קליינע גרופּע פון אונדזערע מענטשן, דורכצוגיין דורכן קאַנאַל. אין אַ באַשטימטער שעה האָבן מיר זיך פאַרזאַמלט אויף לעשנאָ 72. ס'זענען געווען פאַרזאַמלט פאַרטייאישע טוער און פאָרשטייער פון געזעלשאַפטלעכע אַנשטאַלטן. אויפן צווייטן שטאָק, אין פוסטע פאַרוואַרלאָזטע צימערן האָבן מיר געוואַרט ביז האַלבער נאַכט. הינטער דער טיר, ממש אויף די הויז־טרעפּ, האָבן זיך אַרומגעדרייט די דייטשן, צייטנווייז פלעגן זיי אַריינקוקן אין די צימערן און ווען זיי אַנטדעקן אונדז, וואָלטן זיי אונז באַפרייט פון אַלע דאגות... נאָך האַלבער נאַכט איז צוריקגעקומען גראַיעק און האָט אונז געזאָגט, אַז פון די קאָמוניסטן קענען מיר איצט גאָרניט האָפן, זיי האָבן אַליין אַ גרויסע גרופּע מענטשן, אויף דורכצוגיין דעם קאַנאַל.

האָבנדיק פאַרלוירן די האָפנונג זיך אַרויסצובאַקומען דורך די קאַנאַלן, האָבן די פאַרזאַמלטע, איינציקווייז, פאַרלאָזט די שיצנדיקע ווענט און זיך שנעל דורכגעגנב'עט די גאַס, צו זיך אַהיים. נאָר מיר דריי: איך, מאָרגענשטערן און גראַיעק מיט אונזערע פאַמיליעס, האָבן באַשלאָסן בלייבן אין די צימערן און באַנייען דעם קאָנטאַקט מיט די קאָמוניסטן. אָבער גראַיעק, וואָס איז אַוועק זיי זוכן, האָט זיי נישט געפונען, און נאָך גרויסע אָנשטרענגונגען, איז אונז געלונגען זיך אַריינצובאַקומען אין אַ בונקער.

# אין דרויסן בושעוועט די שווערד

אין משך פון דער גאַנצער צייט, האָט זיך דער קאָנטאַקט צווישן אונז און די קאַמפּס־גרופּן נישט איבערגעריסן. ביינאַכט פלעגן אונז באַזוכן שליחים פון די גרופּן און איבערגעבן וואָס ס'הערט זיך אין דרויסן. דער קאַמף איז געפירט געוואָרן אכזריותדיק און געשטיגן פון שעה צו שעה.

מ'קען נישט וויסן גענוי די צאָל פון די דייטשע סאָלדאַטן, וואָס האָבן געקעמפט קעגן אונז, אָבער זיי זענען געווען אין די טויזנטער, גוט באַוואָפנט — און דאָך איז דאָס מיליטער פיל מאָל אָפּגעשטויסן געוואָרן דורך די ווייניקע קעמפער. דאָס האָט געבראָכן דעם פּרעסטיזש פון די דייטשן. אויך די פּוילישע באַפעלקערונג האָט אָנגעהויבן אַרויסצוווייזן באַוואונדערונג און הויכשעצונג דעם יידישן ווידערשטאַנד. זיי האָבן אָנגעהויבן שפּאָטן פון די דייטשן, פאַרשפּרייטן אויף זייער חשבון בייסיקע אַנעקדאָטן.

וואָס לענגער דער קאַמף האָט זיך געצויגן, אַלץ ערגער איז געוואָרן די לאַגע פון אונזערע קעמפער. די דייטשע אָנגריפן האָבן אָנגענומען אַ מער סיסטעמאַטישע פאָרם. אין משך פון גאַנצן טאָג זענען פאָרגעקומען קעגנזייטיקע אָנגריפן. אין אָוונט זענען זיי שוואַכער געוואָרן און צייטנווייז פלעגט הערשן אַן אַבסאָלוטע שטילקייט. אין די נאַכט־שעהן פלעגן די דייטשן מורא האָבן אָנצוגרייפן, און אונזערע קעמפער פלעגן זיך אומקערן צו זייערע באַזעס אויף אַ קורצן אָפּרו. אין דער רו־צייט, צווישן איין קאַמף און דעם צווייטן פלעגן גיין שליחים פון באַזע צו באַזע, זאַמלען אינפאָרמאַציעס און באַנייען דעם קאָנטאַקט.

## אין די פלאַמען

ס'האָט זיך דערנענטערט די שוואַרצע אומגליקלעכע שעה, פאַר וועלכער מיר האָבן אַזוי געציטערט: אין אַ מינוט אַרום צינדט מען אונטער דאָס הויז און ס'איז פאַר אונז קלאָר, אַז מיר מוזן פאַרלאָזן דעם בונקער, אויב מיר ווילן ניט אומקומען אין די פלאַמען. אין אייניקע מינוטן איז דער בונקער אויסגעליידיקט געוואָרן. געבליבן זענען נאָר אייניקע וואָס זענען מיט דער אַלגעמיינער פּאַניק נישט געוואָרן מיטגעריסן. נאָך לאַנגע אָנגשטרענגונגען געלינגט אונז איבערצוגיין אין אַ צווייטן בונקער. מיר האָבן זיך ניט געטרייסט מיט קיין אילוזיעס, איינס אָבער האָבן מיר באַשלאָסן: מיט אייגענעם ווילן גייען מיר נישט צום טויט.

אויף מאָרגן זאָגן אונז אָן חברים פון די קאַמפּס־גרופּן, אַז דער גאַנצער געטאָ און תחום פון דער יידישער קהלה איז אַרומגענומען מיט פייער פלאַמען און אַז דער שטאַב פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע האָט באַשלאָסן אָנצוהייבן די פּלאַנמעסיקע רוימונג פון געטאָ. אויך אונז איז אָנגעזאָגט געוואָרן, זיך צו גרייטן אין וועג אַריין. מיטוואָך, דעם 27 אַפּריל, האָבן מיר זיך פאַרזאַמלט, אַ קליינע גרופּע פון געזעלשאַפטלעכע טוער, אין הויז אויף לעשנאָ 72, כדי דורך די בוידעמער גיין צום טרעף־פּונקט. חנצ'ה פּלאָטניצקאַ, וואָס איז מיט אונז אַ לאַנגע צייט געזעסן אין בונקער האָט שוין דאַן נישט געלעבט. מיט אייניקע טעג פריער האָט זי, אין באַגלייטונג פון נאָך דריי חברים פון דער קאַמפּס־גרופּע, פאַרלאָזט דעם בונקער. זי איז באַאויפ־

**טראַגט געוואָרן, פון שטאַב, זיך אומצוקערן קיין בענדין. אויפן וועג האָבן זיי זיך אָנגעשמויסן אויף אַ דייטשן פּאַטרול — און חנצ'ה איז געפאַלן.**

אין מיטן נאַכט זענען געקומען צו אונז די באַגלייטער, כדי אונז צופירן צום צענטראַלן טרעף־פונקט. מיר האָבן פאַרוויקלט די פיס מיט שמאַטעס, ס'זאָלן זיך אונזערע טריט נישט הערן. דער וועג האָט געפירט דורך בוידע־מער, אָפענע הויפן, צווישן גאַסן, ארום וועלכע ס'האָבן זיך ארומגעדרייט באַוואָפנטע דייטשע פּאַטרולן.

פאַר אונז איז געגאַנגען אַ חבר פון די קאַמפּס־גרופּן, מיטן אָנגעלאָדע־נעם רעוואָלווער אין האנט, און הינטער אים האָבן מיר זיך געשלעפּט ווי שטומע שאָטנס צו אַ פאַרמאַסקירטער וווינונג, 4־טן שטאָק, אויף לעשנא 56. דאָרטן האָבן מיר געפונען א סך חברים פון די קאַמפּס־גרופּן, וועלכע האָבן באַקומען דעם באַפעל צו פאַרלאָזן די שטאָט, צווישן זיי — דער חבר אליעזר געלער אַלס קאָמאַנדיר פון דעם אַרויסמאַרש. עס איז באַשטימט געוואָרן אַ פאָדערשטע און הינטערשטע וואַך און ס'זענען געגעבן געוואָרן די לעצטע אָנווייזונגען פאַר די, וואָס זענען ארונטער אין די קאַנאַלן. דער חבר גראַיעק, מיט נאָך איינעם, זענען די ערשטע אַרויס אין וועג, כדי זיך צו טרעפן מיט אַנטעקן, וואָס האָט פאַר אונז צוגעגרייט באַהעלטענישן אויף דער אַרישער זייט.

## דאָס ליד

מ'קען נישט פאַרענדיקן דאָס קאַפּיטל, נישט באַצייכנדיק דעם קאָלאָסאַלן אונטערשיד אין דער האַלטונג פון די חברים דאָ, און אין דער אַטמאָספער אין בונקער. אויך דאָ זענען אַלע חושים שרעקלעך געווען אָנגעשטרענגט. אָבער וואָס פאַר אַ שטילקייט, צוריקגעהאַלטנקייט און זעלבסט־דיסציפּלינירט־קייט! פון אַלע זייטן האָבן אונז אַרומגערינגלט דייטשן. יעדע רגע האָט אונז געדראָט אַ פּלוצלונגדיקער איבערפאַל פון די מערדער, און דאָך — קיין מורא. אָט מאַכט זיך אויף די טיר און עס פאַלן אַריין חברים, וואָס קומען דירעקט פון אַ צוזאַמענשטויס מיטן שונא, — און זייער גאַנצע האַלטונג דריקט־אויס רואיקייט און זיכערקייט.

דער געטאָ איז געשטאַנען אין פלאַמען. פייער־צונגען האָבן זיך געריסן פון אַלע הייזער. פירן ווייטער דעם קאַמף — האט קיין זין נישט געהאַט. אויפגעבראַוזט דורך אַן אומבאַשרייבלעכן ווייטאָק, האָבן מיר געקוקט אויף אָט דער וועלט וואָס זינקט דאָ אין בלוט און אין פייער, און אונזער גאַנץ וועזן איז געוואָרן אָנגעפילט מיט שנאה און גערופן צו נקמה. און ווען מיר האָבן באַטרעטן די ערד פון הינטערן תחום, וואס רופט זיך אָן די אַרישע וועלט, און הינטער אונז דער גרויסער בית הקברות פון פאָלק, האָבן מיר געהערט קאַמפּס־אויסרופן. מיר האָבן געוווּסט: דער קאַמף ווערט ווייטער געפירט. וועמען מען האָט באַפוילן צו גיין — דער איז געגאַנגען, די אַנדערע האָט מען באַפוילן פאָרצוזעצן — זעצן זיי פאָר, מיט דער גאַנצער עקשנות, מיטן גאַנצן אַף־על־פּי־כן. זיי זענען זיך נוקם, פאַלן און טרעטן נישט אָפּ. און אין זייער האַרצן זינגט דער גלויבן, אַז די אויגן פון פאָלק וועלן נאָך זען, ווי די רויב־חיה טרינקט זיך אין איר אייגן בלוט.

די קאַמפּן און די עוואַקואַציע האָבן זיך געצויגן' נאָך א. לאַנגע צייט. דעם ערשטן מאַי איז לויטן באַפעל, אַרויסגעגאַנגען, דורך די קאַנאַלן, נאָך אַ גרופּע קעמפּערס און אין איר שפּיץ—צביה לובעטקין.

אין אלע יענע טעג פון אויפשטאַנד אונטערערדישער אַרבעט, יאוש — האָט דאָך עפּעס ווז אין אַ באַהאַלטן ווינקעלע פון אונטערבאַוווּסטזיין, געטליעט אַ קליינער פונק פון האָפנונג, אַז דאָס פאָלק וועט אינגאַנצן נישט אומקומען; אויב אפילו די אברים וועלן אָפּגעהאַקט ווערן, וועט דער גוף ווייטער לעבן און עקזיסטירן; טיף אין האַרצן האָבן מיר געפילט, אַז מיר וועלן נאָך אויפשטיין, אויפלעבן, אויפבליען און ס'וועלן מקוים ווערן די ווערטער פון פּאַרטיזאַנער־ליד: „עס וועט נאָך קומען אונזער אויסגעבענקטע שעה".

ט. באָזשיקאָווסקי

# אין פּייער און בלוט

## (זכרונות פון אן אנטיילנעמער אין די קאמפן פון ווארשעווער געטאָ)

מאָנטיק, דעם 19־טן אפּריל, ערב פּסח, איז געווען פרילינג. זון און ליכט איז אריינגעדרונגען אין די פינסטערע ווינקעלעך פון געטאָ. די לעצטע רעשט־לעך פון ווייסן ווינטער זענען פארשוואונדן, און צוזאמען זענען אויך צערונען געוואָרן די לעצטע האָפענונגען פון די יידן אין געטאָ. די נאטור, וואָס האָט געבראַכט א גרוס פון פרילינג, האָט אבער אויך אָנגעזאָגט די טרויעריקע בשורה פון יידן־פארניכטונג. דאָס האָט ווי געטון די חברים, וואָס זענען געשטאנען א גאנצע נאכט אויף זייערע קאמפּס־ערטער, ערב דער ליקווידא־ציע פון געטאָ. עס וואָלט פיל בעסער געווען, ווען דער דאָזיקער טאָג וואָלט געווען א כמורנער, מיט א פארוואָלקנטן הימל, וואָלט דאן לייכטער געווען צו באגעגנען דעם טויט. די נאטור האָט זיך אָנטפּלעקט מיט איר גאנצער שיינקייט, רייצנדיק אונזערע הערצער אויפן שוועל פון טויט.

א קאמפּס־גרופּע פון „דרור", אויף נאלעווקעס 33, זענען מיר געשטאנען גרייט צו באגעגענען דעם שונא. איך בין געשטאנען מיט נאָך עטלעכע חברים אויף א באלקאָן פון ערשטן שטאָק אין א מויער, אויף נאלעווקי—גענשע, פונוואנען מיר האָבן געהאט די מעגלעכקייט צו אָבסערווירן דאָס דייטשע מיליטער, וואָס האָט זיך אריינגעגנבעט אין געטאָ. פון פארטאָג אָן האָבן זיך געצויגן לאנגע רייען מיליטער, פוסגייער, רייטער און מאָטאָריזירטע טיילן. ס'האָבן מארשירט, אין פולער באוואָפענונג, פארשידענע פאָרמאציעס פון דער ווערמאכט, ס.ס. און אוקראאינער, גרייטע צום קאמף, ווי קעגן א צווייטער ארמיי.

צוקוקנדיק זיך צו דער גרויסער צאָל מחנות, וואָס האָבן זיך גערוקט אויף אונז, האָב איך געטראכט: מיר זענען זייער שוואַך; וואָס קענען מיר אויפטון קעגן אַזאַ באוואָפנטער אַרמיי, קעגן טאנקן, געפאנצערטע אויטאָס — זייענדיק באוואָפנט מיט א רעוואָלווער, אָדער, אין בעסטן פאל, מיט א ביקס אין דער האַנט? און דאָך האָבן מיר זיך נישט פארלוירן, גרייט געווען אויף אלץ.

6 אינדערפרי איז דער געטאָ געווען באלאגערט פון אלע זייטן. די ערש־טע דייטשע אָפּטיילונגען האָבן מארשירט אין דער ריכטונג פון די נאלעוו־קעס. נאָך איידער זיי האָבן זיך דערנענטערט צום קרייץ־וועג פון די גאסן נאלעווקעס—גענשע—פראנציסקאנער, האָבן מיר געעפנט א פייער. עס האָט

זיך אויף זיי א שאָט געטון א האָגל פון קוילן, גראַנאַטן און אויפרייס־באָמבעס, וואס זענען אויסגעאַרבעט געוואָרן מיט אונזער אייגענער געווער־אינדוסטריע. אונזערע באָמבעס און גראַנאַטן פליען, רייסן אויף איבער די דייטשע קעפּ, וועלכע לאָזן איבער א סאַך פאַרוווּנדעטע און געהרגעטע. דער קוילן־ און גראַנאַטן־דועל צווישן די דייטשן מיט אונז האַלט־אָן א לענגערע צייט. די דייטשן אָבער זענען הילפסלאָז: זייענדיק אונטערן פרייען הימל, זענען זיי א גוטער ציל פאַר אונזערע באַשיסונגען. זייערע קוילן, דאַקעגן, טרעפן נישט, ווייל מיר זענען געשיצט דורך מויערן. אויף די אַלע אָפּשניטן פון אונזערע פּאָזיציעס דויערט א פאַרביסענער קאַמף. עס וואַרפט זיך אין די אויגן דאָס לעבהאַפטע באַוועגן זיך און אויסגעהאַלטנקייט פון אונזערע חברים. יעקב, א יונגער, הויכער, פעסט־געבויטער בחור, שיסט אָן אויפהער, מיט זיין אויטאָמאַטישן פּיסטאָלעט, פון פענסטער ארויס. אברהם דרייער און משה רובין פירן־אָן מיט די איבעריקע 2 אָפּשניטן פון אונזערע פּאָזיציעס, אין הויף. זאַכאַריאַש, קאָמענדאַנט פון דער „דרור"־גרופּע, לויפט ארום צווישן די חברים, צוגעבנדיק זיי מוט צום קאַמף און אויסדויער. די פאַרבינדונגס־מענטשן לויפן פון איין אָרט אויפן צווייטן, מעלדן וועגן דער קאַמפּס־סיטואַציע, איבערגעבנדיק די באַפעלן פון קאָמענדאַנט. וואָס־ווייטער — אַלץ שטאַרקער פאַרטויבן אונז די אויפרייסן פון גראַנאַטן און דאָס שיסן פון די קוילן. 2 שעה האָט געדויערט דער דאָזיקער קאַמף, ביי א גרויסער אָנשטרענגונג פון ביידע צדדים.

רבקה, אן אָבסערוואַטאָר, קומט צולויפן פון אָבסערוואַציע־פּונקט מיט דער ידיעה, אז דער שונא טרעט־אָפּ, אז אויף דער גאַס זעט מען שוין נישט קיין איין דייטש. דער קאָמענדאַנט גייט ארויס, כדי צו באַקוקן דאָס שלאַכטפעלד, און קומט צוריק א שטראַלנדיקער. פון אים ווערן מיר געוואָר, אַז די דייטשן האָבן איבערגעלאָזט אויף דער גאַס איבער 40 פאַרוווּנדעטע און געהרגעטע — מיר האָבן נישט קיין אבידות. די דאָזיקע ידיעה ווערט איבערגעשיקט צו אַלע קאַמפּס־גרופּן. אַלע זענען דערפרייט, נאָר גלייכצייטיק פילן מיר, נישט קוקנדיק אויפן נצחון, אַז אונזער סוף איז אומפאַרמיידלעך. און דאָך האָט דער דאָזיקער קליינער נצחון דערפרייט אונזערע חברים אויפן שוועל פון טויט.

א לאַנגע צייט האָט אָנגעהאַלטן, און קיין דייטשן האָבן זיך נישט באַוויזן. מיר האָבן א ביסל פרייער אָפּגעעטעמט. די פרייע צייט האָט זיך פאַרצויגן, און מיר האָבן פאַרברענגט אין שמועסן וועגן דער פאַרלאָפענער שלאַכט. אנדערע חברים האָבן געכאַפּט א דרעמל און די איבעריקע, זוכנדיק א צעשטרייונג, האָבן געפּרוּווט „ארויסגנבענען" ביי די שלאָפנדיקע דאָס געווער. נאָר אפילו שלאָפנדיק איז דער פינגער געווען אויפן צינגל פון דער ביקס.

פּלוצלונג ווערט געמאָלדן פון אָבסערוואַציע־פּונקט, אַז פון דער מוראַנאָווסקע זייט מאַרשירן צו אונז טאַנקען און פון דער גענשע שאַרן זיך, פאַזע די ווענט, דייטשע זעלנער. דער קאָמענדאַנט זאַכאַריאַש גיט ארויס א באַפעל צו זיין גרייט צום דעצידירנדיקן קאַמף.

ווי ער האָט נאָר פאַרענדיקט די לעצטע ווערטער פון זיין באַפעל — און עס האָט אונז גענומען פאַרטויבן א שטאַרקע קאַנאָנאַדע. אויפן ראָג גענשע און פראַנציסקאַנער האָבן די דייטשן אוועקגעשטעלט א באַריקאַדע און פון דאָרט אָן אויפהער געשטורעמט צו אונז. זיי האָבן געשאָסן ציללאָז, פאַרנו־

צנדיק דערבײַ אַ גרויסע צאָל אַמוניציע. דאַקעגן מיר האָבן געשאָסן מיט אַ ציל, כדי נישט צו פֿאַרלירן קיין אומזיסטע קוילן.

אַז עס האָט זיך אײַנגעשטילט, האָבן מיר פֿעסטגעשטעלט, אַז ס׳זענען ווידער געפֿאַלן עטלעכע צענדליק טויטע דײַטשן און אונזערע זענען אַלע גאַנץ.

מיר האָבן געוואָרפֿן אויף דער באַריקאַדע פֿלעשער מיט אַ ברענענדיקער פֿליסיקייט, פֿון וועלכער עס האָט זיך אונטערגעצונדן די באַריקאַדע. די דײַטשן האָבן אונז געענטפֿערט מיט צינד־באָמבעס.

מיר האָבן באַשלאָסן זיך צוריקצוציען פֿון אונזערע פּאָזיציעס. אונזער וועג האָט זיך געצויגן איבער בוידעמער, וועלכע האָבן געדינט פֿאַר דער קאָמוניקאַציע אין געטאָ. בשעת מיר זענען אָפּגעטרעטן, האָט מען אונז געזאָגט, אַז גענשע 6, ווו ס׳האָט געדאַרפֿט ווערן אונזער נײַע פּאָזיציע, איז אַרומגערינגלט פֿון דײַטשן. און קיין צוריקוועגס איז נישט געווען, ווײַל אונזער פֿריערדיקע פּאָזיציע אויף נאַלעווקעס 33 איז געשטאַנען אין פֿלאַמען. מיר זענען אַרומגערינגלט פֿון איין זײַט דורך די דײַטשן און פֿון דער צווייטער — אַ פֿײַער. דאָס שרעקלעכסטע דערבײַ איז אויך געווען, וואָס די פּאָדלאָגע אונטער אונזערע פֿיס האָט אָנגעהויבן ברענען.

דער רויך האָט געוואָרגן אין האַלז, און מיר האָבן פּשוט אויפֿגעהערט זען איינער דעם צווייטן.

דער אַרויסגעשיקטער פּאַטרול, צו געפֿינען אַ וועג, האָט זיך נישט צוריקגעקערט. די לאַגע איז געוואָרן ערנסט, אונזערע מינוטן — געציילטע. אין צווישן־צײַט האָבן די דײַטשן זיך דערקליבן צום דאַך פֿון דער זײַט פֿון גענשע 6. מיר האָבן געעפֿנט אַ פֿײַער. משה האָט אַוועקגעלייגט אַ דײַטש און צוגענומען זײַן געווער. די איבעריקע דײַטשן זענען אַנטלאָפֿן. הערענדיק די דאָזיקע שיסערײַ, זענען זיך צונויפֿגעלאָפֿן אַלע חברים. אין באַוווּסטזײַן, אַז מיר וועלן אומקומען אין פֿײַער, האָט איטלעכער זיך באַמיט, אין לעצטן מאָמענט פֿון זײַן לעבן, צו שיסן די דײַטשן.

מיט אַ גרויסער פֿאַרשפּעטיקונג איז געקומען אונזער פּאַטרול, וועלכער האָט געפֿונען אַ וועג אויף צוריקצוציען זיך.

די ווײַטערדיקע קאַמפֿס־אָפּעראַציעס האָבן מיר געפֿירט פֿון אונזער נײַער באַזע, אויף קאָזיע 4.

מיטוואָך, דעם 21 אַפּריל, האָב איך זיך געפֿונען אין אַ קאַמפֿס־גרופּע פֿון „דרור“, אויף מילע 29, אונטער דער אָנפֿירונג פֿון בערל ברוידע. דאָ האָבן זיך אויך געפֿונען די גרופּעס, וואָס האָבן פֿון דעם 19־טן אָן געקעמפֿט אויף דער זאַמענהאָף גאַס. צום ערשטן מאָל האָב איך אויך אָפּגעגעבן גרוסן פֿון פֿאַרשידענע קאַמפֿס־פּונקטן, זינט דעם ערשטן טאָג פֿון אויפֿשטאַנד.

נאָך זייער ערשטער מפּלה אויף נאַלעווקע—זאַמענהאָף, האָבן די דײַטשן נישט געוואַגט אַרײַנצומאַרשירן אין געטאָ מיט פּאָמפּע. זיי זענען געגאַנגען פֿאָרזיכטיק, אײַנציקווײַז, זוכנדיק אַ שוץ־אָרט הינטער די מויערן. ספּעציעל האָבן זיי געוואָרפֿן פֿיל כוחות אויף דער זאַמענהאָף גאַס. דאָ האָט זיך קאָנצענטרירט אַ גרויסער טייל פֿון דער קאַמפֿס־אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט געהאַט אירע פּונקטן אויף זאַמענהאָף 28, 32, 38 און 50. דאָ האָבן זיך געפֿונען גרופּעס פֿון „דרור“, „השומר־הצעיר“. „פּ.פּ.ר.“ און „בונד“. די דאָזיקע

אַלע גרופּעס האָבן קאָאָרדינירט צווישן זיך די פאַרטיידיקונג פון זאַמענהאָף. אַז די דייטשן האָבן אָנגעהויבן אַריינדרינגען אויף דער גאַס, זענען זיי נישט אַטאַקירט געוואָרן דורך די ערשטע קאַמפּס־גרופּעס, פאַרביי וועלכע זיי זענען דורכגעגאַנגען. מ'האָט געוואָלט די דייטשן אַריינציען טיפער אין גאַס אַריין. נאָר ביים צונויפגאַנג פון די גאַסן זאַמענהאָף—מילע האָט זיך א שאָט געטון אויף זיי א האָגל פון קוילן און גראַנאַטן. די דייטשן האָבן זיך אָנגעהויבן צוריקצוציען, און דאַן זענען זיי פאַרהאַלטן געוואָרן פון די ערשטע גרופּעס, פון וועלכע זיי זענען געוואָרן אַרומגערינגלט, אָן אַ וועג אָפּצוטרעטן. די גאַנצע גאַס איז געווען באַדעקט מיט דייטשע פגרים.

צום ערשטן מאָל, זינט דער אָקופּאַציע, האָבן מיר געזען די דייטשן אנטלויפנדיקע אין פּאַניק. אונזערע גרופּן האָבן געקעמפט מיט פאַרשידענע מינים געווער — חוץ ביקסן, גראַנאַטן און אויפרייס־באָמבעס, איז אויך גענוצט געוואָרן צינד־פלעשער, וועלכע פלעגן געוואָרפן ווערן פון די באַלקאָנען. מיר האָבן באַמערקט, ווי איינער אַ דייטש, אַ געטראָפענער פון אַזאַ פלאַש, איז אַרומגעלאָפן ווי אַ משוגענער איבער דער גאַס, אַרומגעכאַפּט פון פלאַמען. 2 טאַנקען, וואָס זענען געקומען צו הילף די דייטשע אָפּטיילונגען, זענען געוואָרן גלייך אונטערגעצונדן.

נאָך דעם קאַמף אויף זאַמענהאָף זענען די גרופּן אָפּגעטרעטן אויף מילע 29, איבערלאָזנדיק איין טויטן — יחיאל פון „השומר־הצעיר".

נאָך זייער דאָזיקן דורכפאַל האָבן די דייטשן גענומען אָנווענדן א נייע טאַקטיק: זיי האָבן אָנגעהויבן אונטערצינדן און צעשטערן אַלץ, וואָס האָט זיך געפונען אויף דער אויבערפלאַך פון דער ערד. דער גאַנצער געטאָ איז געשטאַנען אין פלאַמען. דאָס פייער האָט זיך אַריינגעריסן אין די קעלערן, וווּ עס האָבן זיך באַהאַלטן יידן. די, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פון די פייער־צונגען, זענען געפאַלן פון קוילן. די גאַסן און הויפן זענען געווען באַדעקט מיט טויטע גופים. די פּאַניק און צעמישונג צווישן די יידן איז געווען אומגעהויער. בלוט האָט זיך געמישט מיט טרערן. מען האָט געוויינט, נישט אויף די אומגעקומענע, נאָר אויפן גורל פון די, וואָס לעבן נאָך.

מיר האָבן אויך געדאַרפט ענדערן אונזער טאַקטיק, צופּאַסן זיך צו די נייע מעטאָדן פון חורבן און פאַרניכטונג, וואָס עס האָבן אָנגעווענדעט די דייטשן. די שריפות האָבן געשטערט דאָס באַפעסטיקן זיך אין די הייזער. אנשטאָט מאַסן־ווידערשטאַנד האָבן מיר אָרגאַניזירט אָנפאַלן אויף באַזונדערע דייטשע פּאַטרולן און קליינע אָפּטיילונגען. די אָנפאַלן פלעגן ווערן אויסגעפירט ביינאַכט, ווען אין געטאָ זענען נישט געווען קיין גרעסערע טיילן פון דייטשן מיליטער. אין די נאַכט־אָפּעראַציעס פלעגן אָפט אומקומען חברים. אָבער דאָס האָט נישט געבראָכן דעם מוט פון די איבעריקע. איטלעכער האָט זיך געריסן צו גיין אויף די געפערלעכסטע ערטער.

די נאַכט־פינסטערניש האָט אונז פאַרהיט. די דייטשן זענען געגאַנגען אין גרמענע שטיוול, כדי עס זאָלן זיך נישט הערן זייערע טריט. מיר פלעגן אַרומוויקלען די שיך מיט שמאַטעס און אזוי ארום אויסשפּירן דעם שונא פון דער ווייטנס. אָפטמאָל, אין נאַכט־פינסטערניש, פלעגט מען זיך צונויפשטויסן פנים־אל־פנים מיט דייטשן. אין אַזאַ פאַל, ווער עס האָט געגעבן דעם ערשטן שאָס, דער איז אַרויס דער זיגער.

מיט דעם פאַרציען זיך פון דער דייטשער אקציע איז די לאגע פון די יידן, בפרט פון די קאַמפּס־גרופּעס, געוואָרן שווערער. אין די קעלערן, אונטער די ברענענדיקע הייזער, איז נישט מעגלעך געווען צו אָטעמען פון היץ און רויך. מענטשן זענען געלאָפן פון איין באַהעלטעניש אין אַ צווייטער, אָנטרעפנדיק אומעטום בלויז פייער. אין קעלערן, וווּ עס איז געווען אָרט נאָר פאַר 10 מענטשן, האָבן זיך געפונען איבער 100.

צו אַ פיזישער און מאָראַלישער אָפּשוואַכונג פון די יידן האָט אויך געברענגט די שרעק: טאָמער וועלן די דייטשן באַלד געפינען די „מאַלינעס”. דאָס געוויין פון קליינע קינדער פלעגט אַרויספירן די דייטשן אויפן שפּור פון די באַהאַלטענע.

דעם 24־טן אַפּריל האָב איך דורכגעמאַכט איינע פון די שווערסטע איבערוואַנדערונגען. צוזאַמען מיט אַלע קאַמפּס־גרופּן, וואָס האָבן זיך געפונען אויף מילע 29, האָב איך זיך עוואַקוירט אויף מילע 9. די עוואַקואַציע איז דורך אין פולסטער אָרדנונג, אונטער דער אָנפירונג פון לוטעק ראָטבלאַט (עקיבא) און פאַוועל (פ.פ.ר.). אויף מילע 9 האָט זיך אויסבאַהאַלטן דאָס גאַנצע אָרעמקייט, וואָס עס איז איבערגעבליבן נאָכן חורבן, וואָס די דייטשן האָבן געמאַכט אין געטאָ, — די צאָל האָט דערגרייכט ביז עטלעכע טויזנט.

אין דעם גרויסן מוראַשניק פון מענטשן האָט זיך אויך געפונען אונזער קאַמפּס־גרופּע. אַ גאַנצע נאַכט זענען מיר געשטאַנען אונטערן פרייען הימעל, גרייטע אָפּצושלאָגן אַ דייטשע אַטאַקע. מיר זענען געווען צעטיילט אויף פאַרשידענע גרופּעס, היטנדיק די אַריינגענג פון פאַרשידענע זייטן. פלוצלונג זענען מיר אַלאַרמירט געוואָרן, אַז צום אָפּשניט פון קאָזיע 4 דערנענטערן זיך דייטשן. מיר האָבן איבערגעוואָרפן אַהין אַ גרעסערע צאָל חברים. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ קורצע שיסעריי, אין וועלכער ס'זענען געפאַלן עטלעכע דייטשן. דאַן האָבן די דייטשן אונטערגעצונדן די קאָזיע־גאַס, און דאָס פייער האָט זיך איבערגעטראָגן אויף מילע 9. די פּאַניק פון טויזנטער מענטשן איז דערגאַנגען צום קולמינאַציע־פּונקט. צעמישטע האָבן זיך אַלע אַ וואָרף געטון אין די שכנותדיקע הייזער. אָבער אומעטום איז געווען דאָס אייגענע.

נישט קוקנדיק דערויף, וואָס אויך אונז האָט דערוואַרט דער אייגענער סוף, האָבן מיר זיך געהאַלטן רויק, זוכנדיק אַ מעגלעכקייט פון קאַמף. מיר האָבן זיך צונויפגעזאַמעלט — 9 חברים — אויף אַ באַראַטונג אין איינער פון די ברענענדיקע הייזער און מיר זענען געקומען צו דער מסקנה, אַז ביי אַזעלכע באַדינגונגען — אַרומגערינגלט מיט פייער און אונטער אַ פרייען הימל — וועלן מיר זיך לאַנג נישט קענען האַלטן. ס'איז געוואָרן באַשלאָסן אַרויסצושיקן 4 חברים, וואָס זאָלן זיך דורכרייסן אויף דער אַרישער זייט, כדי צו אָרגאַניזירן דאָס אַרויסגיין פון די איבערגעבליבענע קעמפער אויף יענער זייט, ווען ס'וועלן נישט זיין קיין מעגלעכקייטן צו פירן אַ קאַמף.

אויף מאָרגן פאַרטאָג, זונטיק דעם 25 אַפּריל, האָב איך מיט האָלינערן ישעיה (השומר־הצעיר) און דאָרקע (פ.פ.ר.) זיך אַראָפּגעלאָזט צו די קאַנאַליזאַציע־רערן. קיינמאָל וועל איך נישט פאַרגעסן די ערשטע מינוטן, ווען מיר האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אין קאַנאַל. הונדערטער אַנטלאָפענע יידן האָבן זיך געוואַלגערט אין די קאַנאַלן, אין שמוץ און שטינקענדיקן וואַסער. איינגעקאָרטשעטע, איינגעבויגענע זענען זיי געשטאַנען, קוקנדיק פאַרצווייפלט אויף

די שוואַכערע קינדער, וואָס האָבן זיך געוואַלגערט אונטער זייערע פיס אין א באַוווסטלאָזן צושטאַנד.

דורכשפּאַרנדיק זיך דורך גוססע און געשטאָרבענע, זענען מיר, דורכגייענדיק עטלעכע קילאָמעטער, אין משך פון 6 שעה — אַרויס אויף דער אריער זייט. נאָר נישט מזלדיק איז געווען אונזער ארויסגיין פון קאַנאַל. מיר האָבן זיך אָנגעשטויסן אויף א בודקע, ווו ס׳האָבן זיך געפונען דייטשע זשאַנדארמען און פוילישע פּאָליציאנטן. די „גראַנאַטאָווע" פּאָליציי האָט געכאַפּט די אַנטלויפנדיקע האָלינען און דאָרקען און זיי איבערגעגעבן צו די דייטשן. ירמיהו איז געכאַפּט געוואָרן ביי די ערשטע טריט, וואָס ער האָט געשטעלט אויף דער ערד. ער האָט געפּרוווט אַנטלויפן און איז געפאלן פון אַ קויל. מיך האט די פּאָליציי באַמערקט, ווי נאָר כ׳האָב אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ. אַ פּאָליציאנט האָט אויסגעשאָסן פון גאָר נאָענט, אָבער כ׳האָב זיך אַראָפּגעלאָזט צוריק טיף אין קאַנאַל. פון 4 חברים האָב איך זיך איינער אליין אומגעקערט אין געטאָ. דער ערשטער פּרוּוו האָט זיך נישט איינגעגעבן, האָבנדיק אַזאַ טראַגישן סוף.

קומענדיק צו מיין גרופּע, האָב איך זי געפונען קעמפנדיק מיט די דייטשן. איך בין צוגעשטאנען צום קאַמף, וואָס איז פאָרגעקומען אויף קאָזיע 3. מיר האָבן דערהרגעט 6 דייטשן. אין יענער נאַכט האָבן מיר נאָך לאַנג געקעמפט, געפינענדיק זיך צווישן א פייער פון קוילן און מינעס, אויף מילע 5 און 17.

אין דער נאַכט פון 7־טן אויפן 8־טן מאַי בין איך מיט א גרופּע חברים אַרויס צום קאַנאַל, אין דער ריכטונג פון סמאָטשע גאַס. ווען מיר האָבן זיך דערנענטערט צום ארויסגאנג פון קאַנאַל, האָט אונז באַגעגנט אַ שיסעריי און מיר זענען געווען געצוווּנגען אומצוקערן זיך. גייענדיק דורך ראָג וואָלינסקי און זאַמענהאָף, האָבן מיר זיך, צוליב זיכערהייטס־טעמים, אָפּגעשטעלט. מרדכי איז ארויס אויף זאמענהאָף א קוק טון, וואָס עס הערט זיך. אויף זיין א צייכן זענען מיר ארויס. ווי נאָר מיר זענען ארויף אויף דער זאַמענהאָף, האָט זיך א שאָט געטון אויף אונז א האָגל פון קוילן. מיר זענען זיך צעלאָפן אין פאַרשידענע ריכטונגען, באוואָרפנדיק די דייטשן מיט גראַנאַטן. דער קאַמף האָט געדויערט א שעה צייט. ס׳זענען געפאלן עטלעכע דייטשן. 7 חברים האָט זיך איינגעגעבן דורכצורייסן אויף מילא 18. צווישן זיי זענען געווען 4 שווער פאַרוווּנדעטע. איך, מרדכי (השומר־הצעיר), ישראָל קאַנאַל (עקיבא) זענען געוואָרן אָפּגעריסן פון דער גרופּע. די דייטשן האָבן אונז פאָרפאָלגט פון 2 ביינאַכט ביז 6 פאַרטאָג.

נאָך 20 שעה בלאָנדזשען צווישן חורבות און רואינען, אויף דער נאַכט פון 8־טן אויפן 9־טן מאַי, האָבן מיר זיך דורכגעשלאָגן אויף מילא 18. נאָר צו אונזער גרויסן ווייטאָק, האָבן מיר שוין קיינעם נישט געפונען. עטלעכע שעה פאַר אונזער קומען האָבן די דייטשן דורכגעפירט אַ קאָנצענטרירטע אַטאַקע אויף דער לעצטער פּאָזיציע פון דער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע. נישט וועלנדיק ארייננפאלן אין די הענט פון שונא, זענען אונזערע חברים באַגאַנגען זעלבסטמאָרד.

צעבראָכענע, פסיכיש, דורך די טראַגישע געשעענישן, פאַראייניקטע נאָכן טויט פון אזויפיל קעמפער, האָבן מיר זיך ארומגעדרייט צווישן פאַרברענטע גאַסן, איבער טויטע קערפּערס, אונטער א האָגל פון פייערדיקע קוילן.

ביינאכט האָב איך זיך ווידער געפונען צווישן א גרופּע, וועלכע האָט געזוכט אן אַרויסגאַנג דורכן קאַנאַל אויף פראַנציסקאַנער 22 און נאַלעווקעס 37.

דאָס מאָל האָבן מיר געהאַט מער גליק. נאָך א לענגערן ארומבלאָנדזשן איבער קאַנאַלן, האָב איך זיך געטראָפן מיט שליחים פון דער אַרישער זייט, מיט קאַזשיקן אין דער שפּיץ, וועלכע האָבן אונז געזוכט שוין העכער א וואָך. קאַזשיק האָט דערציילט, אַז מיט דער הילף פון פ.פ.ר. איז פאַר אונז געוואָרן צוגעגרייט אן אָרט אויף דער אַרישער זייט. מיר האָבן זיך צוריקגעקערט אין געטאָ נאָך די איבריקע חברים. דעם 10־טן מאַי, נאָך 48 שעה וואגלען זיך אין די קאַנאַלן, זענען מיר, 40 מאַן, אַריבער אויף דער אַרישער זייט.

פון דאָרט זענען מיר אין א לאַסט־אויטאָ אַוועקגעפירט געוואָרן אין דעם נאָנטסטן וואַלד אַריין.

די רעטונג איז, ליידער, געקומען עטלעכע שעה צו שפּעט. ווען ס׳וואָלט אונז געלונגען פריער אָנצובינדן אַ קאָנטאַקט מיט דער אַרישער זייט, וואָלט נישט געווען דאָס, וואָס ס׳איז פּאַרלאָפן אויף מילא 18

# פון טאָג־בוך

## פון שלום גראַיעס (סטעפאַן)

די גאַנצע נאַכט, דעם 19־טן אַפּריל 1943, האָט זיך געפילט אַ גרויסע אומרוי־קייט. די מענטשן זענען נישט געשלאָפן. ס'האָט זיך געהערט אַ גערויש פון מאַשינען, טריט פון זעלנער און אַן אָפּקלאַנג פון אַן אָפּטער שיסערייַ.

וואָס איז געשען? שטייען מיר ווידער ערב אַן אַקציע? מיט איייניקע טעג צוריק האָט מען דאָך אָנגעהויבן אַ נייע מאָביליזאַציע פון פאַכמענער; ערשט מיט דריי טעג צוריק האָט מען פאַרעפענטלעכט, אַז מ'וועט שוין נישט שיקן קיין אַרבעטער אין די אַרבעטס־לאַגערן; מ'האָט אויפגעפאָדערט צו אָנגע־שטרענגטער ארבעט, ווייל די באשטעלונגען פון „ריסטונגס־שטאַב" זענען זייער דרינגענדיק.

מיטן זון־אויפשיין האָט זיך אַנטפּלעקט אַ שווידערלעך בילד: דער געטאָ איז אַרומגערינגלט מיט זשאַנדאַרמען, די וואַכן—פאַרשטאַרקט דורך ס. ס.־מענער. אלע דערלויבנישן, אַרויסצוגיין פון געטאָ, זענען אַנולירט. איך פּרוּוו זיך פאַרבינדן מיטן צענטראַלן געטאָ—נאָר דער טעלעפאָן פונקציאָנירט נישט. ס'דערגייען צו אונז אָפּקלאַנגען פון אויפרייסן און שיסערייען. מ'פירט דורך אַן אויסזידלונגס־אַקציע אינעם צענטראַלן געטאָ.

די דייטשע אָנפירערס פון די אַרבעטס־ווערקשטאַטן, „אונזערע ברויטגע־בער", טענה'ן, אַז די אקציע איז געווענדעט נאָר קעגן די ווילדע פון געטאָ, זי רירט אָבער נישט אָן די „פּראָדוקטיווע". קיינער נעמט נישט ערנסט זייע־רע רייד. אונזער ערשטע אויפגאַבע איז — מאָביליזירן די קאַמפס־גרופּן און פאַרנעמען די באשטימטע פּאָזיציעס.

די קאַמפס־גרופּע פון אונזער אַרבעטס־ווערקשטאַט (לעשנא 76), אונטער דער אָנפירערשאַפט פון אליעזר געלער, פאַרנעמט אַ פּאָזיציע ביי די פענסטער פון דריטן שטאָק. דורכן בוידעם האָבן מיר א פאַרבינדונג מיט דער גרופּע פון דוד נאָוואָדוואָרסקי (נאָוואָליפּיע 67) און מיט דער גרופּע פון העניעק

(הערשל קאווא), לעשנא 74. די פאַרבינדערן איז לילית (רבקה פודען — השומר־הצעיר).

פון אונזער פּאָזיציע זעען מיר גענוי, ווי דאָס מיליטער שפּאַנט דורך זשעלאַזנע גאַס, צום צענטראַלן געטאָ. אַזייגער 12 בייטאָג יהאָבן מיר באַקו־מען די ערשטע ידיעות, וועגן דעם קאַמף, וואָס קומט דאָרט פאָר. אַ דייטש דערציילט, אַז די יידן באַנעמען זיך נישט שיין... די זשאַנדאַרמען האָבן אים דערציילט, אַז זיי האָבן זיך אָנגעשטויסן אויף אַ שטאַרקן ווידערשטאַנד און 200 פון זיי זענען געפאַלן. אין אָוונט, נאָכדעם ווי די דייטשן האָבן פאַרלאָזט דעם געטאָ, האָבן מיר זיך פאַרבינדן טעלעפאָניש מיט אונזערע קאַמפס־גרופּן, און האָבן זיך דערוויסט, וועגן זייערע גרויסע נצחונות אין די ערשטע צוזאַמענשטויסן.

פאַרטאָג האָבן מיר באַקומען אַ פאַראָרדנונג פון אונזער קאָמענדאַנט — אָנצוהויבן אַ קאַמף. דאָס איז געווען אַ סאָלידאַריטעט־אַקציע מיט די קעמפנ־דיקע גרופּן. — ווען אַ גרופּע זשאַנדאַרמען האָט געשפּרייזט אין דער ריכ־טונג צום צענטראַלן געטאָ און האָט זיך דערנענטערט צו לעשנא—זשעלאָזנע, — האָט אונזער גרופּע פון לעשנא 94 אויפגעעפנט אויף זיי אַ פייער. צוויי גראַנאַטן האָבן פאַרטריבן די דייטשע גרופּע, וועלכע האָט איבערגעלאָזט מער ווי צען טויטע.

לעבן סמאָטשע־גאַס האָט איינע פון אונזערע גרופּן, נאָך מיט אייניקע וואָכן צוריק, אונטערגעלייגט אַן עלעקטרישע מינע, זי האָט אָבער נישט אויפגעריסן. די גרופּע האָט פון גרויס צאָרן געוואָרפן צוויי גראַנאַטן, און געטויט מער פון 30 דייטשן. די דייטשן האָבן אָנגעהויבן ברענגען זייער מי־ליטער מיט אויטאָמאָבילן.

נאָכמיטאָג איז קלאָר געוואָרן די לאַגע פון די יידן אויפן שטח פון די ווערקשטאַטן, די אייגנטימער האָבן אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף צו די אַרבע־טער און געמאָלדן, אַז די יידישע אַרבעטער וועלן איבערגעפירט ווערן אין די אַרבעטס־לאַגערן טראַווניקי און פּאָניאַטאָוו, כדי צו פאַרזיכערן אַ שטי־לע, אומגעשטערטע אַרבעט.

די באַוועגונג אין די גאַסן האָט זיך באַנייט, כדי צו מאַכן די צוגרייטונ־גען צו דער אָפּרייזע, דער שטאַב פון אונזער שטח האָט אויסגענוצט די לאַ־גע, כדי צו באַזוכן די גרופּן און זיי צוגרייטן צו ווייטערדיקע קאַמפן. אין אָוונט האָבן זיך באַוויזן דייטשן און לעטן, וועלכע זענען געוואָרן אוועקגעש־טעלט ביי יעדן טויער, כדי אויפפּאַסן, אַז די עוואַקואַציע זאָל געלונגען. האָבנדיק זייער ווייניק ביקסן, זענען אייניקע פון אונזערע גרופּן אָנגעפאַלן אויף דער וואַך און דערוואָרבן נייע פינף ביקסן.

מיטוואָך, דעם 21־טן אַפּריל. זעקס אָנהעבנדיג האָבן אונזערע גרופּן

פאַרנומען זייערע פּאָזיציעס און געוואַרט אויף די דייטשן. די ערשטע גרעסע־רע דייטשן־גרופּע, וואָס איז געקומען, איז געוואָרן אַטאַקירט מיט האַנט־גראַנאַטן. פיל דייטשן זענען געוואָרן געטויט און פאַרוווּנדעט. אין דער זעל־ביקער צייט זענען געוואָרן אַטאַקירט קלענערע דייטשע גרופּן. דריי אונזערע גרופּן זענען געוואָרן קאָנצענטרירט ביי נאָוואָליפּיע—זשעלאַזנא, האָבן אַטאַקירט די דייטשן וואָס זענען דורכגעגאַנגען איבער נייטראַלן שטח, ברענגענדיק זיי גרויסע פאַרלוסטן. דערביי האָט זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט, שמעון העלער.

די דייטשן האָבן אָנגעהויבן באַלאַגערן איינצעלנע הייזער און שיסן אין די פענסטער און דאָך האָבן זיי נישט אויסגעמיטן קיין קרבנות. די קאַמפּס־גרופּן האָבן זיך באַפעסטיקט אין די הייזער און נישט צוגעלאָזט די דייטשן. די חברים האָבן זיך געפונען די גאַנצע צייט אונטער א האָגל פון קוילן, אינדערצייט, ווען זיי האָבן געהאַט ווייניק קוילן, כדי זיך צו באַשיצן.

די פאַרלוסטן פון די דייטשן האָבן מיר נישט געקענט פעסטשטעלן, אָבער זיי זענען געווען שווערע. דער קאַמף האָט געדויערט אייניקע שעה. די דייטשן האָבן דאַן אונטערגעצונדן דעם גאַנצן קווארטאל און מיר האָבן באקומען אַ באַפעל, איינצואָרדנען אונזערע פּאָזיציעס אין די בונקערס. מיר האָבן געוווּסט, אז די דייטשן וועלן אָנהויבן איצט זוכן אויך אין די בונקערס, אָבער די דאָזיקע קורצע פויזע האָט אונזער שטאַב אויסגענוצט, כדי זיך צו פאַרבינדן מיט די גרופּן, וואָס האָבן געקעמפט אין ראַיאָן פון שילינגס וווערקשטאַטן.

דריי קאַמפּס־גרופּעס, אונטער דער אָנפירונג פון שלמה׳ן, האָבן אטאקירט אָן אויפהער דייטשע זעלנער. ווען א דייטשע גרופּע האָט געוואָלט זיך דער־נענטערן צו די ווערקשטאַטן פון שילינג און ארויסנעמען די יידן מיט כח — זענען זיי פאַרהאַלטן געוואָרן דורך אונזערע קאַמפּס־גרופּן. די דייטשע קאָנטער־אטאקעס זענען אָפּגעשטויסן געוואָרן; די חברים אונזערע האָבן אונ־טערגעצונדן א גרויסן האָלץ־לאַגער און האָבן אַ לאנגע צייט נישט דערמעג־לעכט די דייטשן זיך דערנענטערן צו די בונקערס. גרויס איז געווען די פרייד פון אונז זעענדיק, ווי די אָפיצערן פון ס. ס. האָבן באַשטראָפט דערפאַר די ס. ס.־זעלנער מיט שטראָף־איבונגען.

צוליב דעם גרויסן פייער און רויך האָבן אונזערע קאַמפּס־גרופּן געמוזט וואַנדערן פון אָרט־צו אָרט, און זייער זעלטן האָבן זיי געפונען א פּאַסנדיקע קאַמפּס־פּאָזיציע.

די קאַמפן האָבן געבראַנגט גרויסע פאַרלוסטן די דייטשן, אָבער אויך מיר האָבן געהאַט גרויסע פאַרלוסטן. דער הונגער און די אויסזיכטסלאָזע לאַגע האָט אונז געצוווּנגען צו זוכן אַ וועג צו דער אַרישער זייט. נאָך שווע־רע אָנשטרענגונגען האָט זיך מיר איינגעגעבן, לויט דער פאַראָרדנונג פון דעם

מפקד, אַריבערצוגיין אויף דער אַרישער זייט און זיך פאַרבינדן מיט אַנטעקן. אין יענער נאַכט האָבן מיר אַרויסגעפירט דורך די קאַנאַלן 40 חברים. די דייטשן האָבן אָבער אַנטדעקט דעם וועג, און די איבריקע גרופּן וואָס האָבן געפּרוּווט זיך דורכרייסן דורך די קאַנאַלן — זענען פאַרניכטעט געוואָרן אין גאַסן־קאַמף.

נאָכן פאַרלאָזן דעם געטאָ האָבן מיר נאָך לאַנג געהערט דעם אָפּקלאַנג פון די שיסעריי און האבן געוווּסט, אַז דאָרט קעמפן נאָך אונזערע גרופּן, וואָס זענען אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן מיט די דייטשן.

**יצחק קאַצענעלסאָן**

# מיט חלוצים

א.

אָ, פרעגט ניט קיינער, ניט דערמאָנט מיר די מילא גאס, ז׳איז פול געוועזן
און איז געוואָרן באַלד צונישט,
איבער הונדערט טויזנט יידן זענען דאָרט געוועזן מיט קלומיקלעך,
מיט רענצלעך אויף פּלייצעס און אויף הענט,
און אין די קלומיקלעך אַ העמד, אַ האַנטוך, ברויט א שטיקל מיט קינדער
קליינע אויסגעמישט,
בלאַסע ווי דער לייוונט, טרוקן ווי די שטיקלעך ברויט אין זיי, און שטום,
פאַרשטומט ווי ווענט.

ב.

ס׳האָט ניט געהאָלפן גאָרנישט, מען האָט זיי אלעמען געפונען,
אויסגעפונען, זיי דערטאַפּט,
טיף אין די קעלערן פון מילא, אויף בוידעמער באַהאַלטן,
אויף פּאָליצעס פאַרשטופּט, אין בערגלעך מיסט,
און אומעטום. די מילא גאס איז פול געוועזן מיט אונדז, וואָס קומט אַרויס:
געבליבן זענען קנאַפּ,
מען האָט אונדז אויסגעשאָסן אויפן אָרט און צום טויט אַרויסגעפירט
אין וועגן וויסט.

ג.

אַ קליינער טייל פון אונדז האָט אומגעקערט אין שאָפּ זיך, דאָרט
אויף דער נאָוואָליפּיע און דער לעש,
איך האָב געדרייט די שפּול־ראָד, מיין זון, מיין איינציק מיר געבליבענער
ז׳געשטאַנען שטום ביי א מאשין.
די שאָפּ — אָ ווינקלען מיאוסע פון א מזבח אומריין, צוואָנציק טויזנט יידן
קלאמערן זיך נאָך אין איך, די רעשט
אין געטאָ... ווער ס׳האָט אין יענע טעג דעם געטאָ ניט געזען, ווער
ס׳האָט ניט דאַן פאַרבלאָנדזשעט דאָרט אַהין!...

מען האָט געוואוינט אין מיסטקאסטנס, אין גאַס איז וואַרם נאָך
אונ אין דער וואוינונג פרעמד –
ס'האָט קיינער אין זיין וואוינונג ניט געוואוינט, און ס'האָט אין וואוינונגען
אומהיימלעך ג'יאָגט אַ קעלט,
מען האָט דעם אָרעמען געקעכטס געגעסן פון א פרעמדן טעלער, געטראָגן
נישט דאָס אייגענע, דאָס העמד,
אין בעטן פרעמדע קאלט און הארט געלייגט זיך... אַ בעטן פרעמדע
אין א פרעמד געצעלט.

ה.

כ'האָב אָפּט זיך איינגעשטעלט, ארויסגעריסן זיך פון שאָפּ,
געשמוגלט זיך געהיים דורך גאסן לער.
אַריינגעגנב'עט זיך אין געטאָ, כ'האָב צוגעזען א לעבן דאָרט,
דאָס לעבן גרוילעך אויף א וויל.
צו וואָס? צו ווען? כ'האָב פריינט געהאט דאָ – נאָענטע – איך האָב זיי
קיינעם שוין ניט מער!
כ'האָב אין געאייל אַריינגעריסן זיך אין געטאָ און רייס אַרויס
פון דאָרט זיך אין געאייל.

ו.

כ'האָב פריינט געהאַט דאָ, נאָענטע, שרייבער יידישע און מוזיקער
און מאָלער – נישטאָ זיי קיינעם שוין,
מען האָט זיי אלע אויסגעהרג'עט – הלל ציטלינען – מען האָט אין טלית אים,
צום אומשלאַק אים פאַרשלעפּט,
און אויפן אומשלאַק אים דערשאָסן! ישראָל שטערן! גילבערט!
ברילiאַנטן גרויס אין אונדזער קרוין
וואַרשאַווסקי'ס! דאַווידאָוויטשע'ס! לעווים און אָפּטשעגאַס – אָ קרוינען
שטאָלץ אויף יידישע אויף קעפּ!

ז.

און אין אַ וואָך אַרום – און כ'גנבע זיך אַריין אין געטאָ ווידער...
איך האָב דאָרט צוקערמאַנען. יאָ!
יצחק צוקערמאַנען האָב איך, צביה האָב איך – די שענסטע און די בעסטע
אויף דער ערד!
חלוצים! יאָ! ווער זאָגט: מיר האָבן אלץ אויף דר'ערד פאַרלוירן שוין?
חלוצים זענען דאָ!
ס'איז דאָ אַן אָנהאַלט נאָך, אַן אָנהאַלט... איך וויין ניט, ניין.
די אויגן זענען מיר נאָר קוים פאַרטרערט.

ח.

יצחק! ר'האָט יענע וואָך געבראַכט א גרוס פון קראָקוי מיר:
לאַבאַן! לאַבאַן! דער חלוץ האָט
אַ באַריכט אים אָפּגעגעבן וויפל אָפּיצירן, אויסוואורפן פון דער עס־עס
מען האָט אַוועקגעלייגט... אַ גרוס,
און ביים באַריכט „הענט הויך!" לאַבאַן אין אָפּיצירן־מאַנטל ז'ארעסטירט,
יצחק אַנטלויפט, דרייט פרעמד אין שטאָט
אַרום זיך מיט א פוס אדורכגעשאָסן, ס'בלוט רינט אין שטיוול... יצחק!
ליגט! ליגט! וואָס מאַכט דער פוס?

ט.

דאָס איז געווען דער זיבצענטער יאַנואַר, יאָר דריי און פערציק, איך בין
געבליבן דאָרט די נאַכט.
אַז ס'האָט אָנגעהויבן קוים צו טאָגן — בעסער ווען עס וואָלט ניט
ווערן שוין, ניט קיינמאָל טאָג
איך בין ארויס אין גאַס, געגרייט אין וועג זיך, פון זאַמענהאָף
אויף נאָוואָליפּיע — דער געטאָ איז פארמאכט!
עס־עס צעיאָגט אונדז: צוריק! ס'קומען אָן זשאַנדאַרמען, הויך די ביקסן,
צעשטעלן זיך אויף יעדן ראָג.

י.

שוין ווידער? ווידער? וואָס קען שוין זיין דאָ ווידער? עס איז דאָך אוים
מיט אונדז — אַך, ס'ווערט מיר קאַלט און הייס.
איך גיי צוריק צום זון, צו די חלוצים... זיי ווייסן שוין, ס'האָט ווער
פון דרויסן שוין געבראַכט די נייס.
צביהו זע, יצחק, ער אויך איז אויף די פיס, אויף דעם געזונטן
און דעם דורכגעשאָסענעם — ווער ווייס
צי ס'רינט דאָס בלוט פון אים ניט אין דעם שטיוול? ר'האָט מיך געזען
און איז פון בלאַס געוואָרן ווייס.

יא.

ווי קאַלך... ר'זעגט ווייס ווי קאַלך: יצחק! איך האָב'ס אים ניט געזאָגט...
ער רופט אַ חלוץ צו — „גיי גלייך
און זוך א בונקער אויף דאָ אין דעם הויף און פיר אריין זיי"...
איך נעם יצחקן פאַרן האַנט אָן — הער!
יצחק! און כ'דריק אים פעסט די האַנט, ער רוימלט זיך —
יצחק! איך וויל דאָ זיין מיט אייך...
צבי, אויב ער וויל... ער אויך, ער וויל ניט גיין... יצחק", און ס'קומט אריין
אַ חלוץ און פאַרטײַלט געווער.

יב.

פאַר מיר איז ניט געווען גאָר נישט, נאָר ס'איז פאַר מיר, פאַר מיר
געווען אַלץ הגם צו שפּעט,
ניין, ניין! ס'איז קיינמאָל ניט צו שפעט, דער לעצטער ייד, קוים לייגט אוועק
ער א רוצח, ראַטעוועט זיין פאָלק!
מען קען א פאָלק אָן אויסגעהרג'עטן שוין ראַטעוועוון דאָך אויך... ראַטעוועט!
איך האָב צו זיי גערעדט.
איך האָב געשטאַרקט זיי, יאָ, אי זיי, אי מיך געשטאַרקט, איך האָב
צו זיי גערעדט, געוואונשן זיי דערפאָלג.

יג.

זיי האָבן זיך צעשטעלט, חלוצים אויף דער וואַך, האַרט ביי דער טיר,
אין אַלקער, און העכער אויף א טרעפּ.
לעם פענסטער האָט ווער אויסגערופן שטיל אַלץ וואָס אין גאַס קומט פאָר,
איך האָב געקוקט פאַרשטיינערט אין א שויב,
זי איז אַרויס צום אומשלאַק... וויי מיר, מען פירט זיי שוין פאַרשוויגענע,
אַראָפּגעלאָזן טיף די קעפּ,
אָ, יידן מיינע, לעצטע מיינע פון מיין פאָלק! פאַרוואָס בין איך ניט בלינד?
פאַרוואָס בין איך ניט טויב?

יד.

שאַט, א געלאָף, זשאַנדאַרמען צוויי אַנטלויפן, לענג אויס די גאַס,
ס'קומען צריק באַלד מער, זיי צינדן אונטער א געביי,
אַ הייזל קליין צעפלאַקערט זיך אַנטקעגן מיינע פענסטער, א פייערלעשער
שלעכט אנשטאַט צו לעשן בלאָזט
די פלאַם פונאַנדער, ר'גייט צום דייטש צו, רעדט צו אים אויף פויליש:
דאָ האָבן זיך באַהאַלטן גאַנצע דריי!
מען שלעפּט אַרויס זיי — און ס'רויטלט זיך דער שניי ווייס,
און ס'רויטלט וואַרם זיך אין פראָסט.

טו.

שאַט, שאַט! מען איז שוין דאָ ביי אונדז! איך זע דאָס פּנים
ניט פון דייטש, זיין פלייצע נאָר,
ס'האָט קיינער אים, דעם דייטש אין פלייצע ניט געשאָסן, ער האָט
אַ קויל באַקומען אין דער ברוסט —
ער פאַלט, דער צווייטער אויך — „די יודען שיסן!" האָט באַוויזן ווער פון זיי
דערשטיקט אַ רוף מאָן, יאָ, טאַקע וואָר!
זכריה! דו און גוטמאַן, אליעזר — דאָ חלוצים. און אויף דער ניזקא—שומרים.
יאָ, יודען שיסן! זיי האָבן ניט געוואוסט!...

3—4—5.1—44

# די ענד

א.

זיי האָבן נים געוואוסט, זיך נים גערימט — „די יודען שיסען!" איך האָב געהערט דעם אויסוואורף'ס עקלדיקע שטים
איידער נאָך די אומרייניע נשמה ז'איז אַרויס, ס'איז נים געווען קיין אויסרוף, נאָר אַ בייז וואונדער — ס'מיימש?!
אַ שטוינען ווייסט און אויסטערליש און אומגעריכט אַזוי: „די יודען שיסן"!
אָ, גישט אַליין פון אים,
ס'איז אַ רוף געווען פון אַ מערדער־פאָלק, פון אַכציק מיליאָן: זיי אויך:
די יידן מאַכב'ס אויך ווי מיר, ווי יעדער דייטש.

ב.

ווייי אונדז, מיר קענען, יאָ, מיר קענען זיך אנטקעגן שטעלן אויך, און אויך דערהרג'ענען, מיר אוידן מיר אוידן!
מיר קענען אָבער דאָס וואָס איר האָט קיינמאָל נים געקענט און וועט נים קענען קיינמאָל אויף דער ערד — :
נים הרג'ענען א צווייטן! נים אויסראָטן א פאָלק ווייל ער איז ווערלאָז,
וואָס הויבט אומזיסט די אויגן אין דער הויך.
איר קענט נים: נים דערהרג'ענען, איר זינדיקע פון דער נאַטור, איר מוזט'ס אייביקע איר פאָכער מיט דער שווערד!

ג.

איך קען אייך גוט! און איז מיין ווארט נים שטאַרק ווי ס'וואָרט פון מיינע אבות די נביאים — איך האָב אַדורכגעדרונגען אייך ווי זיין!
אָנהייב יול, בעת זיי האָבן אָנגעהויבן אונדז ארויספירן צום טויט פון ווארשע, האָט מען באַראַטן זיך — איך, ווען איך בין
אויף יענער זיצונג, — איך וואָלט געווען מיט די חלוצים, איך וואָלט מיט זיי דאַן אויפגעהויבן אַ געשריי —
תמות נפשי! יאָ... זיי הרג'נען אונדז אַלע ווי אין ליטא,
אוקראַינע, וואָליניען און לובלין!

ד.

ס׳וואָלט ניט געהאָלפֿן, כ׳ווייס... ניט ווייל מיר האָבן ניט געהאַט,
ניט קיינער ניט קיין סימן פֿון געווער –
אַ האַק איז אויך פֿון אייזן און קוילן גראָבן זיך ניט טיפֿער איין אין לייב
ווי נעגל שאַרף,
נאָר יידן אין אַמעריקע, אין ארץ־ישראל, זיי וואָלטן ווייט און טרויעריק
אויף אונדז געלאָזט אַ טרער,
און שטיל און אפשר נישט גאָר שטיל, אַ זאָג געטאָן אך, ווען מען
שטעלט זיך ניט אנטקעגן! מען האָט עס ניט באַדאַרפֿט!

ה.

ניין, ניט באַדאַרפֿט... ווי מיר, איך בין פֿאַר ניי־יאָר נאָך געזעסן שטום
מיט יידן נאָך, מיט לייטערס פֿון אַ שאָפּ,
און יידן פּויליש ריידנדיקע האָבן אייסגעדריקט גרויס זייער צאָרן און זייער
וויימאָק קליין – :
„אַזאַ אַ פֿאָלק! וואָס האָט געלאָזן זיך ווי קעלבער אויסשחט׳ן, אַזאַ אַ
פֿאָלק! און האָבן בייז געשאָקלט מיטן קאָפּ...
ווי, ווי, דאָס פֿאָלק וואָס מוז געהרג׳עט ווערן, אויסגעהרג׳עט ווערן
אויף דער ערד און איז ניט יוצא נאָך פֿאַר זיך אַליין!

ו.

דעם אַכצנטן דעם ערשטן האָב איך געזען פֿינף טויזנט פֿון מיין פֿאָלק
גענומען און געפֿירט צום טויט,
און דייטשן צוויי נאָר, רוצחים צוויי האָב איך געזען פֿון די אין יענעם טאָג
אַוועקגעלייגטע צוועלף,
נאָר צוועלף! און ס׳האָט אויף זיי, אויף די באַוואָפֿנטע פּחדנים
פֿאַרציטערט קאַלט די הויט,
„די יודען שיסען!" און זיי האָבן זאַלבעצווייט אין אונדזערע באַהעלטעניש
זיך ניט מער באַוויזן, נאָר מחנותווייז ווי וועלף.

ז.

ווי וועלף! איך האָב מיט יידן יונג געקלעטערט איבער מויערן,
אויף דעכער שיף, מיט אייז באַדעקט אַ גאַנצן בלאָק,
פֿון אַכט און פֿופֿציק זאַמענהאָף, אויף פֿיר און פֿערציק מוראַנאָוו
און פֿונם דאַך אַרונטער אין דעם הויז.
איך מיט עטלעכע חברים בלייבן אויף דעם בוידעם, און ס׳האָבן עטלעכע
אַראָפּגעלאָזן זיך פֿון דאָרטן אויף אַ שטאָק.
דאָס האָבן זיי דערשאָסן נאָך צוויי מערדער. איך האָב זיי ניט געזען.
איך האָב געהערט די שאָסן בלויז.

## ח.

פאַרנאַכט בין איך אַוועק מיט אַלעמען אויף מילאַ איין און זעכציק,
שוין מיט אַ ביקס און רעוואָלווערן נאָך אַ — שאַץ!
אויפמאַרגן האָט מען זיך צוטיילט, איך בין צווישן הונדערטער געזעסן
אויף אַ בוידעם — קאַלט און לאַנג און שמאָל.
עס האָט אַ פרוי לעם מיר אַ הוסט געטאָן איינמאָל און נאָך אַמאָל,
אַ ייד איז צו איר צוגעשפרונגען ווי אַ קאַץ
און געוואָרט, מיט פינגער אויסגעשטרעקט, מיט נעגל שאַרף, ער וואַרט
אויף נאָך אַ הוסט... קוים הוסט זי נאָך אַ מאָל!

## ט.

אין אַ וואָך אַרום האָב איך זיך אומגעקערט אין שאָפּ... אויף נאָוואָליפּיע
האָבן יידן אויך אַסך געפּעלט,
אויך אויף לעש... דאָרט איז געוועזן לייכטער אומצוברענגען אונדז.
מען האָט דעריבער אונדז אין שאָפּן קאָנצענטרירט.
בימש: ווי ביסטו בימש? פון קליינעם בונד, נישט לאַנג און טיף אַ ייד יעצט...
מען האָט אויף נאָוואָליפּיע אויך אַנטקעגן זיך געשטעלט!
אויך אויף דער לעש! מען האָט די טעג אויך אין די שאָפּן
אויסגעהרג'עט אונדז, פון שאָפּן אונדז צום טויט אַרויסגעפירט.

## י.

מיר ווערן ניט פון טאָג צו טאָג, און קיינער שטאַרבט נישט, ס'האָט קיינער
ניט באַוויזן שטאַרבן ווי מען איז געוווינט געווען אַמאָל.
מען הרג'עט אויס אונדז, די פון אַ קויל אין גאַס, די פאַרפּייניקט
אויף זשעלאַזנע הונדערט דריי און די אַרויסגעפירט — געוואַלד!
מיר ווילט זיך שרייען געוואַלד, מיר ווילט זיך לויפן אין די גאַסן ווייט
און ברייט פאַרברעכן מיט די הענט און שרייען אויפן קול...
און פרייד איז אויך פאַראַן: געווער! מען קויפט געווער מען רייסט
אַרויס זיך אין די וועלדער אויך צבי וויל אין וואַלד —

## יא.

אַזאַ אַביסל יידן! אַזאַ אַ קאַפּ און ס'זענען איבעריקע צווישן זיי דאָ —
אַלפרעד נאָסיג ימח שמו
און פּאָליציאַנטן יידישע, אַך יידן, יידן וואָס האָבן זיך פאַרקויפט צום דייטש,
אין פיין אין דעם איז אונדז אַ טרייסט באַשערט:
יידן שיסן זיי ווי הינט אויס... שיסט! צען שלעכטע יידן הרג'עט
איידער הרג'ענען איין שלעכטן גוי.
ניט אַלע הרג'עט מען! עס זענען געלט־זעק דאָ און זיי באַשטייערט מען:
אַזוי פיל און אַזוי פיל אויף געווער!

יב.

און דורכגענג זענען דאָ דורך בוידעמער, פון לעש אויף נאָוואָליפּיע,
פון נאָוואָליפּיע. פּירט אַ בוידעם אין אַ הויף
אויף סמאָטשע, פון סמאָטשע ווייסט אַ גאַס, אַז מען פאַרנעמט
מיט אַ רעוואָלווער זיך רעכטס און דורך אַ לאָך
אין אַ מויער דיק — קומט מען גלייך אַריין אין געטאָ, טרעפט אַ דייטש דיך—
גיי! גיי דרייסט דיין וועג, נישט לויף,
ער איז דיך חושד, אַז דו האָסט געווער און מיידט דיך אויס. וואָס נאָך?
וואָס ווילסטו, טייערער מיין פריינד, דען נאָך?

יג.

דו ווילסט דאָסזעלבע דאָך וואָס איך... איך וויל עס זאָל אַ שלאָק
מיך טרעפן, אַנידערלייגן מיך כאָטש שוין — און אויסן
די שאָפן טראָגן זיך אין אַרבעטס־לאַגערן אַריבער מיטן לעצטן הייפל יידן
אין לובלינער קאַנט —
איך וועל אַהין נים פאָרן... ניין! ניטאָ פאַר מיר קיין בונקער דאָ
און צו דיר, אַריער, קען איך ניט אַרויס,
ס'קריגן עטלעכע פון קרובים אויסלאַנדספּעסער, יאָ... וואָלט ערגעץ־וואו זיך
עמעצער אָן מיר דערמאָנט...

יד.

איך בין פאַר אַלע מיינע שוין געשטאָרבן, הלואי וואָלט איך געשטאָרבן,
איך אָבער וועל נים שטאַרבן, ניין, מען וועט
מיך הרג'ענען... איך בין שוין נים אויף נאָוואָליפּיע, זי ליקווידירט זיך
כ'וואָלגער אויף דער לעש זיך שוין זיים טעג —
ביי אַ באַקאַנטן זיצט אַ יונגערמאַן בלאַס און דערציילט: ער קומט פון וועג
יעצט, ער איז דורכגעגאַנגען שטעט,
שטעטלעך אין קרוין־פּוילן, ער האָט קיין ייד שוין דאָרטן נים געזען,
נים באַגעגנט קיינעם אויף אַ וועג.

טו.

דאָס איז געווען צוויי טעג פאַר פּסח. און ערב פּסח פרי ז'געווען
שוין אויס מיט לעש. און אויף דער לעש
האָב איך אין מיין באַהעלטעניש געהערט קאַנאָנען טאָג און נאַכט,
ביי נאַכט האָב איך געזען עס ברענט —
דער געטאָ ברענט, ער ברענט אויף זיינע מויערן און זיינע לעצטע יידן,
ס'פייער העשט און העשט,
דער הימל איז געווען באַלויכטן און אויב ס'איז דאָ דאָרט ווער,
האָט צוגעקוקט זיך, און געזען די ערד.

9—16.1—44

# אַ בריוו פון „החלוץ" אין פוילן צו דער הסתדרות אין א"י

**וואַרשע, דעם 15־טן נאָוועמבער 1943.**

**צו י. טאַבענקין, מ. יערי, א. דאָבקין—**
**הסתדרות העובדים, ארץ־ישראל**

ווען מיר שרייבן די דאָזיקע ווערטער, גלויבן מיר שוין נישט, אַז מיר וועלן זיך ווען ס'איז זען. פון די דריי און אַ האַלב מיליאָן יידן אין פוילן זענען געבליבן קרוב צו 200,000. און ווען דער בריוו וועט אָנקומען צו אייך, וועלן, אַוודאי, בלייבן אַ העלפט פון דעם. אין דער לעצטער וואָך זענען ליקווידירט געוואָרן די לאַגערן אין טראַווניקי, פּוניאַטאָוואָ אין לובלין. ביי 40 טויזנט יידן זענען דערמאָרדעט געוואָרן.

ס'איז שווער זיך פאָרצושטעלן אונזערע ליידן. איר וועט נישט גלויבן, אַז אַזוי זעט אויס די לאַגע: כדי אַ מענטש, וואָס געפינט זיך אין לאָנדאָן אָדער תל־אביב, זאָל קענען באַנעמען דאָס אַלץ — מוז ער פאַרמאָגן אַ קרענקלעכע פאַנטאַזיע. אַלע יידישע לעבנס־צענטרען, זענען אָפּגעווישט געוואָרן. די יידן האָבן געפונען זייער טויט אין די קוילער־הייזער פון טרעבלינקע, סאָביבאָר, בעלזשעץ און אָשוויענצים.

כדי צו פאַראייביקן דעם אָנדענק פון די, וואָס האָבן געקעמפט קעגן שונא מיט געווער אין די הענט — שרייבן מיר איצט וועגן די לעצטע טעג פון „החלוץ" אין פוילן און וועגן זיינע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס: „דרור" („פריי־הייט — החלוץ הצעיר"), השומר הצעיר, עקיבא, גורדוניה. די געשיכטע פון „החלוץ" אין אונזער תקופה איז די געשיכטע פון דעם יידישן קעמפער. מיטן אָנהויב פון דער אויסראָטונגס־אַקציע זענען שוין געווען אונזערע אָר־גאַניזירטע קעמערלעך אין די יידישע ישובים.

אין וואַרשע זענען געווען 5 קיבוצים — פון זיי 2 אויף דער אַרישער זייט. אין גראָכאָוו און טשערניאַקאָוו; אין טשענסטאָכאָוו — 3; אין ביאַ־ליסטאָק—2. עס זענען אויך געווען קיבוצים אין ווילנע, זשאַרקי, אָסטראָוויעץ, הרוביעשאָוו און בענדין. חוץ דעם האָבן מיר געהאַט אַסך סעזאָן־פּונקטן פאַר לאַנדווירטשאַפטלעכער הכשרה.

אונזערע קיבוצים זענען דערנאָך געוואָרן די נעסטן פאַר אַקטיוון ווידערשטאַנד אין פאַרשיידענע שטעט. נישט אונזער שולד איז, וואָס ביים אָנהויבן פון געטאָ־ליקווידאַציע—יולי־סעפּטעמבער,1942—איז דער באַוואָפנטער ווידערשטאַנד געווען אַזוי קליין. פאַרשיידענע פאַקטאָרן האָבן משפיע געווען אויף דעם: אויסערלעכע און אינערלעכע. אויב די אַקציע ביים 2־טן גירוש, אין יאַנואַר 1943, און, בעיקר, די אַקציעס בעת דער ענדגילטיקער ליקווידאַציע פון וואַרשעווער געטאָ, אין אַפּריל 1943 און שפּעטער, ביי דער ליקווידאַציע אין ביאַליסטאָק, ווילנע, טשענסטאָכאָוו — זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין לעגענדעס פון באַפרייאונגס־קאַמף—און דער יסוד פון דעם זיינען געווען די פאַרצווייפלטע העלדן־קאַמפן פון אָרגאַניזירטן יידישן קעמפער — האָט עס אַלץ געקאָסט אַסך בלוט פון די מענטשן, וואָס האָבן אָנגעהערט צו אונזער באַוועגונג.

פון וואַרשע זענען אָרגאַניזירט געוואָרן די קאַמפס־אָרגאַניזאַציעס אין אַלע שטעט; אונזערע שליחים האָבן צוגעגרייט די יוגנט צום קאַמף און זיי אַליין האָבן אַנטיילגענומען אין דעם דאָזיקן קאַמף, פאַלנדיק אויף זייער פּאָזיציע. די רשימה, וואָס מיר שיקן דאָ איבער, אַנטהאַלט די נעמען פון די צענטראַלע עסקנים, וואָס זענען געפאַלן אין קאַמף קעגן אָקופּאַנט. אברהם געוועלבער וועט אייך העלפן, באַקענען זיך מיט די מענטשן.

ביאַליסטאָק: מרדכי טענענבוים־טאַמאַראָוו, צבי מערסיק, חנה (חנוך), זשעלאַזנאָגוראַ, צבי ראָזענטאַל, רופּטשיק פון סוכאָוואָלע (ראובן ראָזענבערג), זרח (זילבערבערג), חייקע.

בענדין: הירש שפּרינגער, פרומקע פּלאָטניצקי, צבי בראַנדעס.

זואָלין: עדעק (יצחק) גאָלאָווגער, פּיש לאה, שוואַרץ שייגדל, רחל פאָגעלמאַן, אייזענבערג דוד, הירש פּלאָטניצקי.

ווילנע: אבא קאָוונער.

טשענסטאָכאָוו: רבקה גלאַנץ, מאָניעק וויניצקי, סלאָמניצקי נאָטע, גליקמאַן יהודה (גליקשטיין יהודה).

קראָקע: דאָלעק (אהרון) ליבעסקינד, לאַבאַן לייבאָוויטש (אברהם לייב) שימעק (שמשון) דרענגער, יצחק סימפּלאַק.

אין אָשוויענטשים געפינען זיך: בעלאַ מרוזשיטש — קיבוץ בענדין, חוה'קע פּאָלמאַן; לאָנקע קאָזשיבראָדסקאַ לעבט שוין נישט.

אין וואַרשע: חנצ'ה פּלאָטניצקאַ, גדליהו גערשוני, יוסף קאַפּלאַן, ישראל זעלצער, לוטעק (לייב) ראָטבלאַט, מרדכי אַנילעוויטש, לאה פּערלשטיין, בערל ברווידאָ, שאול דובאָכנאַ, מאַרעק (מאָטל) פּאָלמאַן, שרה גראַנאַטשטיין, שמואל ברעסלאַר (בראַסלאַוו), משה רובענטשיק, טעמאַ שניידערמאַן, גוטקאָווסקי (אליהו).

ריינגעווירץ מאַניעק, חדוה צמרת (זאכנהויזער צמרת), מרים היינסדאָרף, מירע פירער (מירע פּיכרער), יהודה ווענגראָווער, טאָסיע אַלטמאַן, אריה ווילנער, שרה שלובאָווסקאַ, שמעון העלער.

די רשימה איז נישט קיין פולע. זאָל זייער אָנדענקונג געהיט ווערן אין אייערע הערצער.

מיר אַרבעטן מיט איצט מיטן יידישן נאַציאָנאַלן קאָמיטעט און מיט דער פאַרשטענדיקונגס־קאָמיסיע ביי דעם קאָמיטעט מיטן „בונד", ווו מיר זענען געווען די איניציאַטאָרן און אָרגאַניזאַטאָרן אין דער פאַרטיידיקונגס־ און הילפס־אַקציע.

אין 1942 זענען אַ 50—60 פון אונזערע אַוועק חברים קיין סלאָוואַקיי. זיי זענען אַריינגעפאַלן אין די ליקווידאַציע־אַקציעס. אַ טייל איז געלונגען איבער־צוגיין קיין אונגאַרן. איז וועמען, פון זיי, געלונגען צו קומען קיין ארץ־ישראל? מיר מאַכן ווייטער די אָנשטרענגונגען איבערצושיקן אַ געוויסע צאָל יידן קיין אונגאַרן. ד"ר שוואַרצבארד האָט אונז געשריבן וועגן געוויסע באַ־ציונגען מיט בודאַפעסט. צו קען מען האָפן, פון דאָרט, אויף ממשות'דיקער הילף?

ווען איר וועט לייענען דעם בריוו, זאָלט איר נישט מיינען, אַז מיר זענען צוזאַמענגעבראָכן, אַז מיר זענען פאַריאושט. מיר קוקן נאָר מיט אָפענע אויגן אויפן גורל, וואָס איז אומפאַרמיידלעך. מיר ווייסן, אַז איר האָט אַלץ געטון כדי אונז צו ראַטעווען. מיר ווייסן אויך, אַז איר זענט שוואַך. עס איז אונז גרינגער צו שטאַרבן מיטן באַוווסטזיין, אַז ס'וועט אויפשטיין אַ נייע וועלט, און מיט דער אמונה, אַז א"י וועט זיין דאָס פאָטערלאַנד פון יידישן פאָלק.

אייער

צביה (לובעטקין), יצחק (צוקערמאַן)

# אַ גרוס פון די איבערגעבליבענע

## ברידערלעכער גרוס צו דער הסתדרות העובדים אין ארץ־ישראל

צו דער הסתדרות העובדים,

תל־אביב!

פון איבער ימ'ען בלוט און יבשה פאַרזייטער מיט טויטע, וואָס טיילן אונז פונאַנדער, שיקן מיר אייך איבער אונזער ברידערלעכן גרוס.

געציילטע זענען מיר געבליבן ביים לעבן. מיר אַרבעטן און קעמפן ווייטער, ביי אַ שטענדיקער לעבנס־געפאַר. אין אונזער איצטיקער לאַגע — ווען מיר זענען גרייט, אין יעדער רגע, זיך צו שיידן מיט דער וועלט — ווילן מיר, אַז איר זאָלט וויסן איר זאָלט איבערגעבן די אַרבעטער אין ארץ־ישראל, אַז די יידישע אַרבע־טער אין פוילן האָבן דערפילט זייער חוב בשלמות. מיט געווער אין דער האַנט האָבן זיי געקעמפט פאַרן יידישן כבוד און געפאַלן אין קאַמף קעגן שטאַרקערע פון זיי. עס האָט זיי געמונטערט דער גלויבן אין דער צוקונפט פון אַ יידיש, אַרבעטער און סאָציאַליסטיש ארץ־ישראל.

אין נאָמען פון די לעבן־געבליבענע אַרבעטער, יידישע יוגנט, וואָס האָט געברענגט די גרעסטע קרבנות, זענען מיר פאַרבונדן מיט אייך, אין קאַמף פאַר פרייהייט און גאולה.

אַדאָלף (ד"ר אברהם בערמאַן),
צביה (לובעטקין),
יצחק (צוקערמאַן)
יוסף (סאַק).

וואַרשע, דעם 24־טן מאַי 1944.

# באַמערקונגען

**צ ח ק  צ וּ ק ע ר מ אַ ן  (אַ נ ט ע ק)** — קאָמענדאַנט פון דער יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע אין פּוילן; אָנפירנדער חבר פון מרכז „החלוץ", „דרור" און פּועלי־ציון (צ. ס.). נאָכן קריג — אין שפּיץ פון דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער באַוועגונג און פון יידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן אין פּוילן; גרינדער פון פּח"ח. יעצט אויפן וועג קיין ארץ־ישראל.

**צ ב י ה  ל ו ב ע ט ק י ן** — פון דער אָנפירונג פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד; מיטגליד פון מרכז „החלוץ" און „דרור", אַקטיווע חברה פון פּועלי־ציון (צ. ס.). יעצט אין ארץ־ישראל, קיבוץ „יגור".

**ל י י ז ע ר  ל ע ו ו י ן** — פון די עלטסטע פּועלי־ציוניסטישע טוער אין פּוילן; באַליבטער פירער פון די לאָדזשער יידישע אַרבעטער, מיטגליד פון צ.ק. פּועלי־ציון (צ.ס.) אין פּוילן. אַ אָנפירנדער חבר אין געטאָ־אויפשטאַנד. יעצט אין ארץ־ישראל, קיבוץ „יגור".

**ט ו ב י ה  ב אָ ז ש י ק אָ ו ו ס ק י** — פון די אַקטיווסטע קעמפער אין וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד, שפּעטער אין פּוילישן אויפשטאַנד פון אויגוסט—סעפּטעמבער 1944. אַקטיווער מיטגליד פון „החלוץ", „דרור" און פּועלי־ציון (צ. ס.), יעצט אין פּוילן — מיטגליד פון מרכז „החלוץ" און צ.ק. פּועלי־ציון (צ. ס.).

**ש ל ו ם  ג ר אַ י ע ק  (ס ט ע פ אַ ן)** — פון די יונגע טוער פון פּועלי־ציון (צ.ס.). איינער פון די אַקטיווסטע טוער אין דער אונטערערדישער באַוועגונג און קעמפער אין וואַרשעווער געטאָ. יעצט אין פּוילן — גענעראַל סעקרעטאַר פון צ.ק. פּועלי־ציון (צ.ס.).

**ס אַ ק  י ו ס ף** — אָנפירנדער חבר פון פּועלי־ציון (צ. ס.), אַקטיווער מיטגליד פון „יידישן נאַציאָנאַלן קאָמיטעט", גענומען אַ אַקטיוון אָנטייל אין דער אונטערערדישער אַרבעט. יעצט אין פּוילן — מיטגליד פון צ.ק. פּועלי־ציון (צ.ס.), דעפּוטאַט אין פּוילישן סיים.

**אַ ד אָ ל ף  ב ע ר מ אַ ן** — אַקטיווער מיטגליד פון „יידישן נאַציאָנאַלן קאָמיטעט", באַקאַנטער טוער פון פּועלי־ציון (לינקע); פיל געלייסטעט אויפן געביט פון פאַרבינדונגען מיט דער נישט־יידישער אונטערערדישער באַוועגונג. יעצט אין פּוילן; פאָרזיצער פון צ.ק. פון די פּוילישע יידן, מיטגליד פון צ.ק. פּועלי־ציון (לינקע).

# אינהאַלט: